## 1

די געסלעך די סלאבאדקער פאלן צו דעם נידער אראפּצו ביז אין די גרין־פארשימלטע זומפּן אריין. די הייזקעס די סלאבאדקער טוליען זיך איינע צו די אנדערע, און אלע געלענט מיט איין זייט און געזונקען אין דער ערד אריין ביז די פארשימלטע געשטוקעוועטע שייבעלעך. די שייבעלעך בליקן זיך אדורך מיט די קעגנאיבערדיקע שייבעלעך, אויך אלע אלצאיינע מיט זיי און גלייכע, נאר צום הימל ארויף, צו דער זון, כאפּן ניט זייערע בליקן. בלייבן די שייבעלעך ביי דער ערד, און זיי קוקן צו דער ערד און צו אלץ און צו אלעמען, וואס אויף איר טוט זיך.

פארפרי, קוים עס גייט דאס גרויאינקע אראפּ, שטעקט די זון פון אהינטער די זומפּן ארויס אירע ערשטלינגעלעך, די בלאס־יונגע שטראלעכלעך. זיי צעשטופּן דעם געדיכטן טונקל־ביטערן נעפּל פון אי־בער די זומפּן און פויזען צו צו די סלאבאדקער הייזקעס און פאלן־צו מיט יונגער ליבשאפט צו די צעשויבערטע דעכער און באגלעטן זיי ווארעם און

באצערטלען זיי ליב. דערנאך קריכן די שטראלעכלעך אדורך די שמאלע פענצטער אין די הייזקעס אריין, דראפען זיך איבער די אלט-געקאלכטע גרוילעכע ווענט, צעשמייכלען דעם וואזשנעם פנים פון דעם יידישן סאלדאט אויף דער פאטאגראפיע דער אפגע־קראכענער און באלויטערן די גליקלעך - צעבליטע געזיכטער פון א חתן-כלה אויף א צווייטער פאטא־גראפיע. און ווידער פויזען די שטראלעכלעך איבער דעם שוסטערסווארשטאטל, באווארעמען האמער און נאל און א פאר צעבראכענע שטיוול. שמוגלען ווידער די שטראלעכלעך אין א פינצטערער קאמער אריין און פאלן-צו צו בלאס-טונקעלע דארע, צעקנייטשטע באקן און ציטערדיקע לעפלעך. א הארטע, א גראבע מאנס־בילשע דלאניע און דארע, צעדרייטע וויבערשע פינ־גער רייבן זיך די לעפלעך. צעהויבן זיך די לעפלעך קוים און שווער, און הערצער צעקרעכצן זיך פון סאמע טיף ארויס.

קוים געצויגן די אפגעשוואכטע פיס אראפ פונעם קרעכצנדיקן טאפטשאן, שטייט אויף די ערשטע חיה־דוואשע, בערל דעם שוסטערס ווייב. אנגעטאפט מיט די בארוועסע פיס די צעפלאצטע שטעקשיך. ארופגע־כאפט אויף זיך די אלטע צעפליקטע וואטאווקע, בלייבט זי שטיין א ווילע אין מיטן שטוב, עפעס צו באזינען, איידער זי נעמט זיך עפעס טאן. צעשויבערט איז איר גרויער קאפ, די גרויסע, קלוגע, בייז-פארכמארעטע

אויגן טועןן זיך א כאפ צום ווארשטאטל מיט די צעבראכענע שטיוול דעם באלעגאלעס.

— פיר לאטעס. — זאגט זי שטיל פארזיך. — וועט אפשר קלעקן אויף צוויי לעבלעך ברויט... — און פארטרויערט, זאגט זי ווידער:

— ווען וועט ער פארטיק ווערן מיט דעם שטיקל ארבעט? פארבליבן אין שטוב איז מערנישט ווי א ביסעלע בולבע אויף אנבייסן מערנישט.

— און אויסער דעם ברויט? — צעקנייטשן זיך אירע ברעמען.

פון דעם פעקאלעק ציט זי ארויס א קוישיקל בולבע, גיסט אן וואסער אין א פענדל, שיילט די בולבעס און ווארפט זיי אין פענדל אריין. זי ציילט נאכאמאל די אפגעשיילטע בולבעס: זעקס בולבענעס. צו דריי פאר יעדן איינעם. זי צעלייגט א פייערל אונטער דעם דרייפיסל און שטעלט דעם פענדל צום קאכן.

בערל איז קוים אויף. עס נאגן אים די ביינער. דער רוקן זייענר האט זיך נאך ניט אויסגעגלייכט פון א טאג זיצן ביים ווארשטאטל גבעיוגן איינדרייען. אפגע־גאסן נעגלוואסער און א שמיר דעם פנים מיט די פינגער, ווישט ער זיך אפ מיט א פאלע און נעמט זיך צו די שטיוול דעם באלעגאלעס. בערל באטראכט זיי, דרייט זיי רעכטס און לינקס און שאקלט צו דערביי מיטן קאפ. די רובטשיקעס אויף די פאדעשוועס מאכט ער צורעשט, און דערנאך וועלן קומען די לאטעס.

צווישן קלאפ און קלאפ פון בערלס העמערל הערט זיך, עס פאלן אין שכנישע הייזקעס הילצערנע ריגל פון טירן אראפ און צו דער ערד מיט א טונקעלן קלאפ. אלטע צעשעדיקטע טירן צעקרעכצן זיך קרענק־לעך און צעשרייען זיך מיט אן אלט־ווייטיקדיקן סקריפען. א שווערע, א זויערע דעמפיקע לופט האט ארויסגעשטופט צום געסלדיקן דרויסן דעם אטעם פון אלטן פארשימלטן שוכווארג, פון געניטשעוועטע שוויי־סיק־געטראגענע בגדים, פון זויערן געקעכץ, פון שוויי־סיקן לייב. פון צעעפנטע טירן שטעקן ווייבער ארויס זייערע גופים ביז העלפט אריבער די שוועלן. זייערע צעשויבערטע קעפ, טונקל־בלאסע איינגעפאלענע באקן און טרויעריק־בייזע, מאנענדיקע אויגן קוקן ארויס צום אויבן־שטאט ארוף, דערווארטנדיק א מענטשן מיט א שטיקל ארבעט, וואס קומט צו זיי אראפ. אינווייניק אין הייזקעס אהינטער די טירן צעכליפען זיך קינדער און רופן:

— מאמע! איך וויל עסן! גיב מיר עסן! מאמע!

— עס מיין לייב! מער האב איך גארנישט! — ענטפערט די מאמע פאר ווייטיק. א יונגע ווייבל מיט א קינד אין די ארעמס טרעט אריבער די שוועל און בעט איר שכנה:

— רחל! האסט אפשר א האלבע קווערטעלע מילך פאר מיין קינד?ליידיק איז מיין ברוסט.

— איך האב, מירעלע! — ענטפערט רחל גרייט. —

אט מעלק איך אויס די ציג מיינע. ברענג מיר דיין קווערטעלע.

א צוועלפיאריקע מיידעלע מיט א קוישיקל אין דער האנט איז ארויס אין דרויסן. דאר איז איר גופעלע. איבער די וויעס פון אירע גרויסע לעכצנדיקע אויגן זיינען העגגען געבליבן צוויי פערלדיקע טרערן. די אויגן אירע צעווייגען זיך אט־אט. א קליינע שוועסטערל גייט איר נאך, זיך אנהאלטנדיק פאר דער עלטערערס קליידעלע. שרה די ברויט־בעקערקע קוקט אן די ביידע מיידעלעך, קוקט זיך אום צו די ווייבער און רופט:

—ווייבער! ניט לאזן פאלן זאלן מיר ריוועזן! איך וועל ארייגטראגן ברויט, און אלע וואס איר קענט. און זיצן זאל מען לעבן איר ביז זי וועט געזונט ווערן.

ביי די טירן פון זייערע הייזקעס בלייבן שטיין באלמעלאכעס. געפאלענע ארעמס און דלאניעס צע־שוואכטע, געבויגענע רוקנס און פארלארענע בליקן און קעפ, וואס שאקלען־צו פארלארן צו זייערע טראכטע־נישן. ליידנשאפטלעכע, דערוואַרטנדיקע בליקן ארוף, צום שטאט:

— און אפשר קומט ווער צו זיי אראפ מיט א שטיקל ארבעט צו מאכן?

צענומען בלייבן אין לופטן יאושדיקע באלמעלאכישע ארעמס און פאלן צוריק מיט א פאטש צו די פיס:

— ניטאָ! גאָרנישט ניטאָ! — קרעכצן אַפּ באַלעמע־לאַכישע הערצער.

ביי דעם צעעפנטן פענצטערל בערל דעם שוסטערס בלייבן שטיין אַ פּאָר אַלטע צעבראָכענע שטיוול, און פּיס מאַנסבילשע זעט מען קוים אַריבער די קניעס. בערל דערקענט זיי באַלד, די שטיוול: דאָס זיינען דעם שכנס, נאַטע דעם שוסטערס שטיוול. נאַטע בייגט זיך איין מיטן גאַנצן גוף צו בערלס פענצטער און פאַרשטעלט אַ ווײַלע די שיין. ליגט שווייגן דער העמערל אין בערלס דלאָניע, און דער קאָפּ בערלס ציט אַרויף צו נאַטען.

— קלאַפּסט, בערל? — וואַרפט נאַטע אַריין פאַר־דראָסיק. — און ביי מיר קלאַפּט דאָס האַרץ און דער מאָגן. קיין שטאָך אַרבעט ניט. אויס!

— זאָרג ניט, נאַטע! — רופט זיך אָפּ בערל. — פאַר די פיר לאַטעס מיינע נעם איך ביי דעם באַלעגאָלע אויף צוויי לעבלעך ברויט. האָסטו דערפון איין לעבל. און מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן. דאָס איז שוין זיין עסק. אַניט, וואָס האָט ער צו טאָן, גאָט, אויב ניט זאָרגן פאַר אָרעמע באַלמעלאָכעס? עס איז אים זיין איינציקע אַרבעט איצט פאַרבליבן, ווייל די גבירים האָט ער שוין באַזאָרגט...

— אויפן חשבון פון די אָרעמעלייט! — פאַלט אַריין נאַטע בייסיק. — די צוויי מעשענע לייכטער האָב איך שוין פאַרמשכנט ביי זיי מער האָב איך גאָרנישט צו פאַרמשכענען.

— נישקשה, נאטע! — ענטפערט בערל געמיטלעך.
— היינט גיב איך דיר, און מארגן וועסטו מיר געבן. מיר זיינען דאך באלעמעלאכעס, יידן זיינען מיר.

נאטע שווייגט, צעכמארעט די ברעמען.

— אבער פארוואס זאל דאס זיין אזוי, בערל, פרעג איך דיך? און ביזוואנען צו מאדייען אזוי? האלב סלאבאדקע גייט ארום לויז־ליידיק, פארלארן. די דלאניעס פוסטעווען אונדז און בענקען נאך ארבעט.

— דער מאנגל אונדזערער איז דער, וואס מיר אליין ווייסן ניט קיין מיטל צו דעם, צו ארבעט און צו א שטיקל מענטשלעך לעבן. — רופט זיך אפ בערל. — אט וואס דער מאנגל איז אונדזערער!

— די ארבעטער ווייסן שוין יא, וויאזוי צו בעסערן זייער לעבן. — זאגט נאטע. — זיי מאכן שטרייקן, פאדערן ארויס הוספות פון דעם באלעבאס. א קאמיטעט האבן זיי, וואס שטעלט זיך איין פאר זייער קריוודע. וואס האבן מיר, די באלמעלאכעס?

— מיר האבן קאדאכעס! — ווארפט אריין בערל בייסיק — ווער עמען ארט פאר אונדז? דעם גביר? דעם סוחר? דעם קרעמער? דעם רב און דעם רבין, דעם דיין און גבאי?

נאטע צעקאכט זיך:

— פיינט האבן זיי אונדז, אט די אלע! — רופט ער מיט הארץ ארויס. — מיר זיינען ביי זיי די אומזיסטע

פרעסערס, די גראבע יונגען, די אמהאראצים, וואס ווייסן ניט פון גאט און פון לייטישקייט.

נאטע טוט א מאך מיט דער האנט און גייט אוועק. בערלס העמערל האט ווידער קלאפן גענומען.

דורך דעם צעעפנטן פענצטערל פאלן אריין צו בערלען קלאנגען פון סלאבאדקע. מאטע דער בלעכער האט זיך פראנק און פריי צעהאמערט און צעבלעכערט איבער זיינע בלעכן. לייבע דער שמיד האט זיך צעקלונגען אויפצעלאכעסדיק אין זיין קוזניע. ווייזט אויס, אין פאר קלאפט ער דארטן, לייבע: איינער, א טונקעלער קלאפ, און ביי אים א גלעקלדיקער, א יינגערער, א פריילעכער. יאסל דער שניידער האט זיך צעיאגט אויף זיין מאשינדל. ניט אנדערש, א נייע שטיקל ארבעט האט ער געפאקט, יאסל. דבורל, די וועש-נייטערקע, האט זיך שוין צעזונגען ביי איר שטעפן. טאג איין אז זי זינגט איין איינציק ליד: "ביט זוך מיך דארט, ווו מירטן גרינען". איר שארף-קווי־טשענדיקע שטימע קליגט ארויס מאדנע־בעטנדיק. אינ־צווישן לאזט זיך הערן איטשע דער לאטחוטניק מיט זיין הוסטן און דעם קוים שטעפן אויף זיין מאשינדל.

דעם גאנצינקן טאג שיינט די זון צו דער סלאבאדקע. מילא שיינט זי. ס'איז איר ארבעט, און זי שיינט, מער־נישט וואס, די כוחות די לעצטע מיטן שווייס אינאייי־נעם זעצט זי ארויס, די זון, פון די באלמעלאכישע גופים. און שוין שפעטלעך, ווען זי טאוקט זיך אין

די זומפּן אריין, און באַלמעלאַכישע אַרעמס און דלאָנ־
יעס און שווייסיקע רוקנס פאַרגייען פון מידקייט, און
אין די אויגן נעמט טונקלען, לייגן אוועק באַלמעלאַכעס
זייער קלאַפּער־געצייג און בלייבן זיצן א ווײַלינקע
ביי די ווארשטאטן, און די אנגעהארעוועטע ארעמס
און דלאניעס רוען זיך אויס איבער די מאשינדלעך
און האמערס. באלמעלאכישע רוקנס גלייכן זיך
קוים אויס. און אויגן באלמעלאכישע נאך אלץ
פארכמארעט אונטער די געפאלענע ברעמען. און דער־
נאך, אראפּגעוואשן פון פארשוויצטן פנים און דלאניעס
דעם שווייס, קומען זיי צום וועטשערע־טיש מיט די
געזינדלעך אינאיינעם. צום טיש האט שוין די ווייב
צעלייגט פאר יעדן איינעם א גראבע לוסטע קארענעם
ברויט און א קופּקעלע בולבע, געקאכטע אין העמדלעך,
א האלבע ציבעלע, צוויי צינגעלעך קנאבל און א
קענדעלע הערינג־ראסל. קינדער זיצן ביים טיש, קוקן
אן הונגעריק דעם עסן אוןווארטן ביז דער טאטע וועט
נעמען אין מויל דעם ערשטן ביסן און דערנאך שוין
וועלן זיי אליין כאפּן זיך צו די ווארעמע בולבעס שיילן
און רייבן געשמאק מיט די ציינער.
נאכן עסן זאגט דער טאטע:
— נו! און זאל זיין גוט! אפּגעקומען נאך א טאג!
די עלטערע ייִנגלעך איילן זיך צו דער בערזע
אוועק, און דאך ארט זיי פארן טאטן.
— טאטע! — פרעגט דער עלטערער. — וואס זאל

זיין גוט: די בולבענע מיטן הערינג־ראסל און מיטן געקאכטן וואסער פארזופן? דאס זאל זיין גוט?! און רעכט?!

פונעם יינגלס הארץ און מויל רייסן זיך ווערטער ארויס: — אלע קריוודעס, וואס מען צעטוט איבער אונדז, זאלן זיין רעכט?!

— קינד מיינער! — רופט זיך אפ דער טאטע. — ניט אלע באלמעלאכעס האבן יעדן טאג אפילו ברויט מיט בולבע מיט הערינג־ראסל.

און ביי דער וייב פרעגט בערל:

— חיה־דוואשע, האסט אוועקגעטראגן א לעבל ברויט צו נאטען ווי איך האב דיך געבעטן?

— יא, בערל, אודאי! — ענטפערט חיה־דוואשע.

— זי וועט לאנג ניט אנהאלטן, אט די וועלט אזא! פאלן וועט זי! — זאגט דער יינגל ביי דער שוועל.

— הלואי זאלן מיר דערלעבן צו זעען דאס! — גיט אן דער טאטע.

איבער די סלאבאדקער זומפן צעלייגט זיך א גרוי־טונקעלער, א געדיכטער נעפל, און פון די זומפן ארויס קריכט ער און פויזעט צו די באלמעלאכישע הייזקעס און דראפעט זיך אין די באלמעלאכישע גופים אריין. זשאבעס צעקוואקען זיך אויף די זומפן ביז אין דער טיפער נאכט אריין.

און ביינאכט און ביים שלאף קרעכצן באלמעלאכישע הערצער פאר ווייטיק, פאר טרויער און בענקשאפט.

## 2

א מאדנער ייד איז ער, דער אהרן. אליין א הויכער, א ברייטפלייציקער, א ברייטברוסטיקער, אנגעמאסטן קלעצער צו שלעפן ביים בויען הייזער. און אויגן אונטער די געדיכט־אראפגעפאלענע ברעמען זיינע, עס שטעקט אין זיי נאכאנאנד עפעס א בייזער רוח, וואס מאנט און פאדערט ארויס פון אלעמען, און די גאנצע וועלט איז אים שולדיק א חוב.

די ווייב זיינע, ירוחמה, שמייכלט, ווען ווייבער ווארפן איר אויף, אז דער מאן אירער איז א בייזער.

— צו וועמען בייז איז ער, און צו וועמען א גאלדע־נער! — ענטפערט זי, געהויבן פילדייטיק די ברעמען אירע. — פאר דעם באלמעלאכע און דעם ארבעטער וועט ער די נשמה אוועקגעבן, און פאר מיר און פאר די קינדער — דעם לעבן. דערמאנט אים ווער פון די גבירים און רבנים, צעפלאמען זיך בייז די שווארצ־אפלען זיינע, און א צערודערטע שוויגעניש צאפאלט אים, — ניט צוצוטרעטן צו אים מיט א ווארט אויף צו פרעגן אים עפעס.

יעדן אינדערפרי קלייבט אהרן נחת פון זיינע זעקס יינגלעך, ווען זיי באזעצן דעם טיש ארום אים. אלע געוואשענע, געצוואגענע, אין גאנצן און ריינעם אנגע־טאָן, און אלע, די גרעסערע און די קלענערע, שטיל און באדאכט און שטיל גערעדט צו טאטע און מאמען און צווישנאנאנד. ירוחמה דערלאנגט יעדן קינד א טעלערל

צעריבענע בולבע, געבוימלט מיט אייל און א קליין שטיקעלע הערינג, איין הערינג פאר דער גאנצער געזינד, און א לוסטעלע קארענעם ברויט. ביז אלע קינדער באקומען זייער עסן, פאלן אהרנס אויגן מיט הארץ און מיט ליבשאפט צו יעדן איינעם. ניט אלע־ איינע זיינען זיי, און דאך אלע אין אים געראטן: הויכינקע, ברייטע, און זיינע אויגן, בייזלעך־אנגע־ כמורעטע און מיט א פארבארגן ליבשאפט־שפליטערל.

ירוחמה כאפט אויף אהרנס בליקן צו די קינדער און זאגט צעשמייכלט:

— דיינע, דיינע, אהרן!

— און דיינע אויך, ירוחמהעלע! דיין שמייכעלע!

— ענטפערט אהרן פאר ליבשאפט.

נאכן עסן כאפט ארוף אהרן צו דער פלייצע די לייוונטענע טארבע זיינע מיטן גאנצן קאלפערגעצייג, זעג און הובל, האק און דלאטע, און לאזט זיך גיין צו זיין ארבעט. א נייע שטוב בויט ער פאר דעם גבירס יונגן איידעם, וואס זיצט אויף קעסט. א שטוב א צאצקע בויט ער, א פאלאץ א גאנצן.

מיט אהרנען אינאיינעם ארבעט אין פאר זיין חבר ישעיה דער בויער. דער היפוך צו אהרנען איז ישעיה. די הויך און גרויס זיינען זייביידע גלייכע, נאר מיט כאראקטער און פנים קומט עס ניט איינער מיטן צווייטן. ס'איז ניט שייך צו גלייכן זייביידן. אהרן איז הארט און בייז. ישעיה איז גוטמוטיק און געלאסן

און שטיל און מייסטנס באדאכט אינזיך· אויסטערליש לויטער שיינט ישעיהעס פנים. גלייך א געמאלט בילד איז עס : קוים לענגלעך, פראפארציאנעל יעדער שטריך, הויך איז דער שטערן, ווי ביי א למדן א תלמיד חכם, און דער עיקר די אויגן זיינע, גרויסע, ליכטיקע און טיפע, א הארציקע ווארעמקייט, א טרייסט קומט צו מענטשן פון זיינע אויגן ארויס.

און אנקוקנדיק ישעיהען, וואונדערן זיך מענטשן : ווי קומט צו א פראסטן באלמעלאכע א בויער א צורה פון א נביא ? פון א גרויסן למדן עפעס ? לייט זאגן אויף אים, אז ניט אנדערש, א לאמערוואוניק איז ער, עס שטעקט אין אים א גילגול פון א תלמיד חכמס נשמה, וואס קומט אפ אויף דער זינדיקער ערד פאר זיינע חטאים.

אין שטעטל האט מען געהאט צו דערציילן פון ישעיהען אזא מעשה. און ארייגעבראכט האט די דאזיקע מעשה ניט קיין אנדערער, ווי דעם גראפס עקאנאם, וואס קומט אראפ אין שטעטל איינצוקויפן ווייבען און געווירצן פארן גראף.

איינמאל, ווען אויסגענומען האט זיך בוי־ארבעט אין שטעטל, האט ישעיה אויסגעליען א דריירובלדיקע ביים גביר, איינגעקויפט פאר דעם געלט א ביסל גלינטעריי, גענומען א האנט־וועגעלע און זיך געלאזט גיין איבער די דערפער צו פארקויפן זיין סחורה און ציען דערפון די חיונה. איינמאל גייט ער אזוי מיטן שליאך און בלייבט שטיין פאר די אייזערנע געגראטע־

וועטע טויערן פונעם גראפס פאלאץ. א טשאטע הינט פונאינווייניק האט זיך א ריס געטאן צום טויער אקעגן ישעיהען און זיך ווילד צעבילט. גייט באלד אראפ פון זיין הויכן גאניק דער אלטער גראף אליין, קומט אן צו דעם טויער, צעטרייבט די הינט און פרעגט ישעיהען:

— וואס טוסטו דא, זשידיע? ווער ביסטו? און וואס איז דיין נאמען?

— איך פארקויף מיין סחורה פאר ווייבלעך און מיידלעך. שפיגעלעך, באוועלעך, קנעפלעך און העקלעך, קעמעלעך, בענדעלעך, סטענגעס און קרעלן, און זייף מיט פאמאדע צו שיינקייט. פון דיין שטעטל בין איך, און רופן רופט מען מיך ישעיה.

— איסאיא? — פרעגט פארוואונדערט דער גראף, קוקט אן טיפער ישעיהען און פרעגט איבער:

— איסאיא?

און גלייך צעעפנט דער גראף דעם אייזערנעם טויער און לאזט אריין צו זיך ישעיהען מיט זיין וועגעלע און ברענגט אים ביז צו זיין הויכן גאניק צו. און ארויף אויפן גאניק, רופט דער גראף אין דער צעעפנ־טער טיר אריין:

— וולאדעק! וולדעטשקו! קום גיכער אהער!

קומט באלד ארויס צום גראפס רוף א יונגערמאן, וואס מיט איין האנד האלט ער א פארבן־ברעטל און מיט דער צווייטער האנט א פענדזל.

— ווארף אוועק אלע דיינע פרילינג־פייזאזשן, מיט די אוונט־שטימונגען, מיט די שווארצע ערד־פלעקן איבער דעם גרויגעווארענעם שניי. נארישקייטן זיינען זיי עס. אט! מאל דיר אט א דעם! איסאיא איז זיין נאמען. קוק זיך איין: א פראכטפולע נאטור פאר דעם ביבלישן פראפעט איסאיא, דעם גרעסטן פון אלע גרעסטע הומאניסטן אין דער וועלט־געשיכטע, וואס צו אים האט קיינער ניט דערגרייכט זינט דריי טויזנט יאר. אן אויסטערליש בילד וועט דאס זיין! באקלייד אים אים א הויכן וואנדער־שטאק צום האנט, צעלאז אים אים א הויכן וואנדער־שטאק צום הענט, צעלאז אים זיינע לאנגע האר אויפן קאפ, שטעל אים אויפן זאמדיק־שטייניקן וועג ביי די בערג, בארוועס גייט ער, באשטראלט פון דער הייסער זון אונטערן בלויען הימל, פארהויבן דעם קאפ, צעלויכטן זיינע שיינענדיקע הארציקע אויגן צום פאלק, וואס גייט אים נאך, גייט אים מיט ביי די זייטן וועג, קומט אים אנטקעגן, דערמונטערט, געטרייסט מיט זייןווארט.

דעם יונגן קינסטלערס הענט מיט פארב און פענדזל בלייבן הענגען אראפ. שטייט ער פארטראכט א לאנגע ווײלע, אנגעקוקט ישעיהען, און זאגט:

— איך וועל אים מאלן, פאפא!

איז געשטאנען ישעיה דעם גאנצן זומער וואס א טאג אין דעם גראפס ליכטיקער סאליע ביי דעם גרויסן ווענעציאנער פענצטער, א באשיינטער פון

דער זון, געהילט אין ווייסן, מיט בארוועסע פיס אויפן שטייניקן זאמד, אנגעשאטן צום דיל. פארגאפט זיינען געווען דעם יונגן קינסטלערס בליקן, און די פינגער זיינע מיטן פענדזל האבן געאיילט און געציטערט אויפצוכאפן און מאלן דאס גרונטיקע, דאס הארציקסטע, דאס דערהויבענע.

און ווען דאס בילד איז פארטיק געווארן, האט דער אלטער גראף פארבעטן צו זיך אויף א מאלצייט די שכנים זיינע די אדל-לייט און אריינגעבראכט זיי אין דער גרויסער סאליע זיינער, ווו ביי דעם זון־צעשיינטן ווענעציאנער פענצטער איז געשטאַנען מיטן פנים צו די געסט א גרויסער מאלברעט מיט דעם פארטיק־געווארענעם בילד.

פרויען זיינען אריין די ערשטע, זיך אומגעקוקט און שטיין געבליבן פארגליווערט. ציטעריקע פינגער זייערע האבן זיך צלמען גענומען, און געבוקט און געפאלן צו די קני, האבן זיי זיך מאלען גענומען דעם "פאטער נאסטער".

פרעגן די מאנסביל דעם גראף:

— ווער איז דער אַפאסטאל, וואס רעדט אזוי הארציק צום פאלק?

— דער פראפעט איסאיא איז דאס, אט דער, וואס האט גערופן:

— א פאלק אויף א פאלק וועט ניט הייבן קיין שווערד! און צו אקער־אייזנס וועט מען איבערשמידן די שווערדן! איר געדענקט אזוינס?

און געקוקט צו דעם בילד, זאגט דער גראף ווידער:

— א פאלק, וואס האט פארמאגט אזא פראפעט מיט דריי טויזנט יאר צוריק, וועט ווידעראמאל קומען מיט אזא פראפעט און אויפקלערן דאסזעלביקע.

— — — — — — — — — — — — —

ישעיה דער בויער האט זיך באלד נאך דעם צוריקגענומען צו זיין בוי־מלאכה.

פון זיך אליין האט ישעיה ווייניק וואס דערציילט. געוווסט האט מען, אז ער שטאמט פון פארארעמטע עלטערן. ביז בר מצוה האט ער געלערנט אין חדר ביי א גוטן מלמד, און ליב געהאט האט ער דעם תנך און באזונדערס דעם ספר ישעיה. מיט דעם ספר האט ער זיך ניט געשיידט אלע זיינע יארן. פון דעם ספר האט ער געשעפט זיין לעבנס־גייסט, פארענטפערט אלע זיינע נשמה־ווייען. יינגלווייז האבן אים טאטע־מאמע אוועקגעגעבן צו א שניידער פאר א לערן־יינגל. ישעיהן איז ענג געווען ביים נאדל און באוול. דער שניידער האט אים באלד פארטריבן פון זיך איבער דער פארטראכטקייט ביי דער ארבעט. איז ישעיה אוועק פאר א בויער צו זיין. ביים הובלען קען מען טראכטן פון וואס עס קומט אויפן זינען ארוף.

האנט ביי האנט מיט אהרנען הובלט ישעיה און טעסעט און זעגט און דלובעט און דרעלעוועט, און מיט אהרנען שלעפן זייביידע אויף זייערע פלייצעס א פארטיקן קלאץ צו לייגן אים אויף דער וואנט. און

עס טרעפט ביי דער ארבעט, פלאצט אויף מיטאמאל אהרנס געשפאנטע שווייגעניש, צעגליען זיך זיינע עקשנותדיק־הארבע בליקן אונטער די בייז־געפאלענע געדיכטע ברעמען און געגומען קלאפן מיט כעס מיטן האמער איבער דער דלאטע און גערופן אויפן קול:

— אבער פארוואס זאל דאס זיין אזוי?! און ביז־וואנען וועלן באלמעלאכעס לײדן הונגער און נויט?! און זיצן אין צעפאלענע שטיבלעך?! און בלייבן אמהאראצים און שטיין די לעצטע אין קהל?! און ציטערן יעדן מארק־טאג פאר א פאגראם?! און קיין קלאגער און קיין ריכטער, און קיין פירער און קיין פירונג זאל ניט זיין פאר די באלמעלאכעס? ארומ־גיין געבלאנדזעט אין דער וועלט ארײן, אן א באלמע־לאכישן וועג און אן אן אויסוועג?!

א ווײלע האלט אהרן דעם אויפגעהויבענעם האמער אין דער האנט.

ישעיה הובלט, געבויגן דעם קאפ, און שווייגט. ער ווייסט שוין, אז ביי אהרענען האט אויפגעברויזט זיין צארן, מוז ער זיך אראפריידן פון הארצן, וועט אים גרינגער ווערן. און דערביי דארף אהרן האבן לעבן זיך א מענטשן, וואס זאל אים הערן, און צו וועמען צו ריידן זאל ער קענען.

— ישעיה! — רופט זיך אפ אהרן ווידער. — וואס לאזט לערנען דער נביא ישעיה וועגן דעם פראסטן

הארעפאשנעם יידישן פאלק? און פון א וועג און אן אויסוועג פאר דעם פאלק?

— דער נביא ישעיה רופט גלויבן אין גאט, העלפן א יתום און אן אלמנה און אויסבאהאלטן זיך אין א צייט פון הערשערס צארן. — ענטפערט ישעיה דער בויער.

— גלויבן אין גאט און אויסבאהאלטן זיך? — ענטפערט סקעפטיש אהרן. — דעמאלט וועלן די גבירים און באלעבאטים און סוחרים ניט ארויסציען פון דעם באלמעלאכע דעם שווייס פון די לייבער?! א, ישעיה? און אויסבאהאלטן זיך אין די אייגענע קאמערן פון א פאגראם וועט מען זיך ראטעווען און ניט בלייבן ליגן, געקוילעט?! א, ישעיה? איך פרעג דיך מיטן נביא אינאיינעם.

ישעיה שווייגט. ער ווייס, אז דער גערעכטער איז אהרן, אבער ווי אזוי צו פארענטפערן אהרנס טענות ווייס ער ניט.

— ניין, ישעיה! — דערווידערט האסטיק אהרן. — עפעס דארף מען טראכטן און טאן פאר דעם הארע־פאשנעם יידישן פאלק, פאר די באלמעלאכעס, ווי עס טוען פאר זיך די ארבעטער. און ניט פארלאזן זיך אויף גאט און אויף דעם גבירס יושר. און ניט אויס־באהאלטן זיך דארף מען.

און ווען אהרן שעפט פון זיין הארצן אראפ ביז צולעצט דאס צעקאכטע און צערודערטע און נעמט

זיך ווידער צום דלובען, גייט אויף ישעיהעס שטיל-הארציק ווארט:

— אנקומען וועט אן אנדער צייט, אהרן, און אנדערע מענטשן וועלן אויפשטיין אויף דער ערד און אנדערע פעלקער וועלן זיך דערהייבן, און אויס פיינטשאפט וועט זיין צווישן מענטש און מענטש און צווישן פאלק און פאלק.

— ווען וועט עס קומען, ישעיה? — פרעגט אהרן געצווייפלט און דאך פארגאפט.

— מיר וועלן ניט דערלעבן צו זעען דאס מיט אונדזערע אויגן. — רעדט ווידער שטילהארציק ישעיה. — און ניט אונדזערע קינדער וועלן דערלעבן דערצו. אייניקלעך און אוראייניקלעך וועלן דערלעבן און אין פרידן זיך אויסלעבן. און מיר זיינען די לעצטע, די געליטענע און די געפייניקטע. מיר און אונדזערע קינדער. ישעיה כאפט א ווייליקע אטעם און געדאנק און זאגט ווידער:

— און דערנאך...

— וואס דערנאך?! — שרייט אויף אהרן צעקאכט.

— זאג בעסער: וואס דערווייל?

— דערווייל... — זיפצט שווער אפ ישעיה. — דעם לאנג-שווערן דערווייל וועלן מיר, די טאטעס און די קינדער, אפגיין מיט בלוט און מיט פיין. און וואס מער מען וועט אונדז טרעטן, אלץ טיפער וועט גליען אין אונדזערע הערצער דער יידישער פונק ביי דעם

יידיש־ארטיקן: ייד! מענטש! ליבשאפט! יידיש פאלק!

ישעיה בלייבט ווידער שווייגן א ווײַלינקע. עס קנייטשן זיך זיינע ברעמען. און שטיל און באדאכט זאגט ער:

—דאס יידישע ביי דעם יידן איז געגליכן צו א צוואק: וואס מער מען קלאפט איבער דעם יידנס קאפ, אלץ טיפער דרינגט אין אים דאס יידישע אריין. אט דאס איז אונדזער דערוויל, אהרן. דאס איז אונדזער וועג און אונדזער אויסוועג דער יידישער.

א לאנגע ווײַלע בלייבט אהרן שווייגן, געקלעמט די ברעמען און די געדאנקען זיינע. האמער און דלאטע מיט די געקרעמפעוועטע דלאניעס זיינען ליגן געבליבן איבער דעם קלאָץ. און מיטאמאל טרייסלט ער זיך אויף, צעגלייכט דעם רוקן און א הייב אויף דעם קאפ, האקט ער אפּ הארב:

— ניין, ישעיה בויער! ביי אונדזער היינטיקן דער־ווייל דארף אויפשטיין אן אנדער נביא, וואס וועט רופן:

— הארעפּאשנע יידישע פאלק! לאז זיך ניט פאלן פאר הונגער און נויט! לאז ניט טרעטן דיין מענטש־לעכן כבוד דורך גבירים און רבנים! באוואפן דיין הארץ און דיין האנט קעגן בלוטיקער פיינטשאפט פון מערדער! און ניט באהאלט זיך אויס, מיין יידישע פאלק, פאר דעם געפאר, וואס עס לויערט אויף דיר! דערהייב דיין קאפ, דערמוטיק דיין הארץ און קרעפטיק

דיין האנט, מיין פראסטע הארעפּאשנע יידישע פאלק!

— אט דאס דארף אונדז לערנען דער נביא פון אונדזער שווער־בלוטיקן דערוייל! דערצו זאל ער דערמוטיקן אונדז! דערצו און ניט אנדערש, ישעיה בויער! — לאזט אויס אהרן זיין ווארט.

און ווידער זיך צעארבעט, צעהובלט, צעדלובעט און געאיילט האבן זיי ביידע. און ביי דעם געאייל און געקלאפּ און דעם שארך האקט איבער אהרן און שטעלט אפּ דאס דלובען.

— אט! רופט ער צו ישעיהען. — אין צוויי וואכן ארום האבן מיר א יאריד אין שטעטל. דארפן יידן זיין גרייט צו א פּאגראם. איז וואס איז דיין עצה, ישעיה: זיך אויסבאהאלטן אין די אייגענע קאמערן און אויס־ווארטן, ביז די גוים וועלן ארייננפאלן אין די יידישע קאמערן און מיט העק צעפּלעטן יידישע שארבנס און צעהאקן אויף שטיקער יידישע קינדער, און אלץ דארטן, באהאלטענערהייט, אין די קאמערן? א, ישעיה? אט דאס זאל זיין אונדזער דערוייל? מילא, די גבירים וועלן זיך אפּקויפן. צו זיי וועט מען ניט קומען מיט העק און פּרענטן. קומען וועט מען צו אונדז, צו דעם פּראסטן פאלק. דו שווייגסט, ישעיה? וואס, ניט צו דער זאך רייד איך דען?

### 3

צום שחרית־דאווענען אין דער באלמעלאכישער שול

נעמט מען קוים צונויף א מנין מענטשן. באלמעלאכעס גיסן אפ אינדערפרי נעגל־וואסער, זאגן אפ די ברכות און כאפן זיך צו דער ארבעט. און דערמיט קומט מען אפ פאר דעם, וואס לעבט אייביק. און מישטיינס געזאגט, וואס קען גאט מאנען פון א פראסטן באלמע־לאכע: דאוונען פון סידור? פארשטייט ער ניט קיין שייטל עברה. תשובה טאן אויף זיינע זינד און עברות, וואס דער ארעמער באלמעלאכע קען צו זיי ניט גרייכן אפילו ביים טראכטן. צדקה געבן, אז ער אליין קומט אן צו צדקה פון לייטן. לאזט איבער דער באל־מעלאכע דעם שחרית פאר דעם גביר אין דער גבירישער שול, אין דער מורעוואנקע. זיי, די גבירים, דארט ניט דער מוח פאר א שטיקל ארבעט און פאר א ביסן ברויט.

דערפאר אבער צווישן מנחה און מעריב נעמען זיך צונויף אין דער באלמעלאכישער שול שטארקע פינף מנינים מענטשן. מילא, מען כאפט אפ די מנחה צוליב אן אפקומעניש, און אפגעשפיען דעם עלינו, איילן זיך באלמעלאכעס צום לאנגן לער־טיש וואס ביי דער צפון־וואנט און צו זעצן זיך אויבנאן, נענטער צום לערער אברהם, ניט צו פארפעלן קיין ווארט פון זיין הארציקן שמועס.

ווי א לעבעדיק־שלאגנדיקער קוואל ריזלט אברהמס ווארט, שטיל און דייטלעך, ניט געאיילט, און דער עיקר אויף א ידישן באלמעלאכישן לשון, פראסט און

פארשטענדלעך, פון זיין מויל און צו באלמעלאכעס אין הארצן אריין.

און אייגענער מענטש איז אברהם אין סלאבאדקע. אליין א בלעכערס א זון, און זיצן געבליבן איז ער אין סלאבאדקע מיט באלמעלאכעס אינאיינעם ביז היינטיקן טאג.

עס האט אים געצויגן, אברהמען, פון ייִנגלווייז אן צו דער לערע. ביים טאטן האט ער בלעכעריי געלערנט, אין תלמוד־תורה איז ער צו א עברה געקומען, און רוסיש זיך געלערנט אליין האט ער, און דערנאך מיטן אייגענעם חשק זיך צוגעריסן לערנען ביכלעך יעדע נאכט, ביז די מאמע לעשט ניט אויס פון אים דעם נאפט־לעמפעלע.

און אזוי לאנג האט ער בייטאג געבלעכערט און ביינאכט געשטודירט, און אויסגעשטודירט האט ער, אברהם, ביי דער קאזנא א שיין אויף צו זיין א פאלקס־לערער. דערמיט איז מקוים געווארן דער ערשטער באגער אברהמס: לערנען סלאבאדקער קינדער לייענען און שרייבן יידיש און רוסיש, און לערנען זיי חשבון און נאטור־וויסנשאפט און געאגראפיע און שמועסן מיט די קינדער וועגן יידישן לעבן פון אמאל און פון היינט.

אהרן דער בויער האט זיך אנגעכאפט צו העלפן אברהמען. ביי שרה דער ברויט־בעקערקע האבן באל־

מעלאכעס געדונגען צוויי קאמערן, פון די אייגענע הייזקעס אריינגעבראכט אין די קאמערן טישלעך און בענקלעך, אוועקגענומען זייערע קינדער פון דער תלמוד־תורה און אוועקגעזעצט זיי צו אברהמען און א העפט געקויפט יעדן קינד, און זאל א באלמעלאכיש קינד אויך ווערן א שטיקל מענטש. מאמעס האבן געוואשן און געצוואגן די קינדערלעך, אנגעטאן זיי אין ציכטיקן און פונסניי נחת געקליבן פון זיי. סלאבאדקע האט באגלייט די קינדער ביז צו דער שול, שטיין געבליבן אינדרויסן און געווארט, ביז דער קינדערשער געטומל וועט שטילן, און קינדערלעך וועלן זיך נעמען צו דער לערע. און אז געשטילט האט, האבן טאטעס און מאמעס דערהערט דורך די צעעפנטע פענצטער ווי אברהם אינאיינעם מיט די קינדער האבן זיך צע־זונגען:

— לאמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם אונדזער שול מקבל פנים זיין, לאמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם פריילעך זיין.

און ווען פארענדיקט זינגען, האבן טאטעס און מאמעס דערזעען, די וואס זיינען געשטאנען אינווייניק, אין פירהויז ביי דער צעעפנטער שול־טיר, עס צעגיט אברהם פאר אלע קינדער לערן־ביכעלעך און ביים דערלאנגען דעם ביכעלע לייגט אברהם זיין דלאניע ארוף אויפן קעפעלע דעם קינד. כאפט אן דאס קינד דעם ביכעלע, קושט אים און דריקט צום הארצן, און די

צעשטראָלטע אויגן זיינע הייבט דאָס קינד צו אברהמס דלאָניע אַרויף.

ווישן מאַמעס טרערן פאַר פרייד.

און דערנאָך האָט אברהם געהאַט גענוג אויסצושטיין פון רבנים און גבאים און גבירים וועגן חילול השם אין זיין גוישער שול, און וועגן אפּיקורסות, און וועגן מעכב זיין די גאולה של משיח איבער אים. סלאָבאָדקע האָט זיך איינגעשטעלט און ניט געלאָזט אַנרירן ניט די שול, ניט אברהמען.

און נאָך די לערן־שעהען, נאָכן אויספּאַרריכטן די קינדערשע שריפטלעכע אַרבעטן און נאָכן גרייטן זיך צום מאָרגנדיקן לימוד אין שול, ציט אַוועק אברהמען צו אַן אַנדער שול און צו אַנדערע, שוין באַיאָרטע תלמידים. צו די באַלמעלאָכישע טאַטעס פון זיינע שול־קינדער. צווישן מנחה און מעריב קומט אברהם אין באַלמעלאָכישן מנין, זיך באַהעפטן אין איין אָטעם, אין איין נשמה מיט די סלאָבאָדקער מענטשן זיינע, לענען זיי, אונטן נאָכמער: לערנען זיך ביי זיי און אָפּלערנען זיך פון זייערע הערצער־טיפענישן און קומען צו זייערע ווייען און באַגערן און טרוימען.

ביים לאַנגן לערן־טיש אין באַלמעלאָכישן מנין בלייבט אברהם זיצן נאָך איידער מען שפּייט אָפּ ביי דעם "עלינו לשבח". און באַלד ווערט ער באַהעפט פון אַ פּופּציק־זעכציק פּאָר אויגן. אַנגעשפּאַרטע צו אים פון אַרום טיש. אברהם קען זיי, די אויגן, זינט ער

לעבט· אלע פארשיידענע זיינען זיי, און אלע אלצ־איינע. גרויע און שווארצע און בלוי גרויסע, ברייט־צעעפנטע און אפנהארציקע, ווארעמע, און קוים גע־פרעסטע, מיט א פארדאכטעלע, מיט א באדאכטעלע, מיט א קוים חוזקל און איראנישן שמייכעלע אין די טיפענישן פארבאהאלטן. און ביי אלעמענס אויגן א ביטערניש, א מאנעניש, א פארוואסעניש און א פאר־ווענעניש. און איבער אלעמענס אפלען הענגט פארצויגן א טרויערל מיט א בענקענישל אינאיינעם.

אברהם ווייס, אז מיט אט די באלמעלאכישע אויגן געשעט מאדנע זאכן, ווען עס פאלט צו זייער הארץ אריין א הארציק ווארט, א דערמונטער־דלאניע א ווארעמע בלייבט ליגן אויף זייער הארעפאשנער פליי־צע, ווען עס רופט צו זיי עמעצנס א נאענט־חברישע שטים פון א נויט, צעווארעמען זיך די באלמעלאכישע אויגן און צעעפענען זיך ברייט און צאפלדיק־שולדיק און דאנקבאר, און ווען א נויט, גרייט זיינען אויגן צו קומען און העלפן, און ניט לאזן פאלן, און זיך טיילן מיטן לעצטן ביסן.

אברהם ווייס, ווי גרויס עס איז די באלמעלאכישע לעכצונג נאך א מענטשלעכן לעבן און ארויס פונעם ביטערן דלות, און וויאזוי, אז קיין ארבעט קלעקט ניט, און ווען יא ארבעט, איז פון יגיע כפו א געשוויר אין לאפע. אברהם וויל זיי דערציילן וואס גרויסע יידישע מענטשן האבן געפרווווט טאן און טוען היינט פאר

יידן, און זאלן די באלמעלאכעס זאגן, צי טוען זיי גלייך אדער קרום, און וואס און וויאזוי דארף געטאן ווערן, און וואס איז דער וועג און דער אויסוועג צו א מענטשלעכן לעבן. זאלן באלמעלאכישע הערצער ענטפערן און ברענגען צו דעם גאלדענעם שניט.

אין זיין אייגענעם הארצן צעוואקסט און צעבליט ביי אברהמען דער דערהויבענער באלמעלאכישער געדאנק: מלאכה איז מלוכה. אזוי פיל שטרעבונגען און טואונגען זיינען שוין אנגעגאנגען צוליב דעם. אברהמען רירט דער בייגעדאנק: צי וועט דאס אלץ ברענגען א דער־לייזונג פאר דעם יידישן באלמעלאכע, פאר זיינע סלא־באדקער מענטשן? זיין טיפהארציקער טרוים זאל דאס מערנישט בלייבן, אז באלמעלאכעס זאלן קומען צו א מענטשלעכן שטאנד?

אברהם נעמט דערציילן מיט זיין שטיל־הארציקן גאנג און אויף זיין געלייטערטן סלאבאדקער יידישן לשון וועגן אמאליקע שטרעבונגען פון געלערנטע יידן אויף צו ברענגען א רעטונג פון גזירות און פאגראמען אויפן יידישן פאלק. יידן אליין דארפן זיך העלפן דעריין, גלייכן דארפן זיי זיך צו די גוים, פירן א גוישן שטייגער לעבן, ריידן דורכאויס גויש, לערנען די גוישע תורה, פירן ליבשאפט מיט גוים, באגיין זיך מיט כבוד פאר גוים.

— זאלן מיר, הייסט עס, אויס יידן ווערן, וועלן די פאגראמטשיקעס גלייך אויפן ארט אונדז ליב באקומען

און קיין פאגראמען ניט מאכן ?! — צארנט אויף אהרן דער בויער. — מיט ידישער ליבשאפט און מיט גוישער תורה וועט מען שטילן די וועלפישע טבע ?

— ווערן אויס ידן ? — פלאמט אויף נאטע דער שוסטער. — וואס הייסט : ווערן אויס ידן ?! אז אין הארצן ביי מיר איז פארוועבט מיין ידישקייט וואס דאס איז מיין איינציקער און גרעסטער מענטשלעכער כבוד, וואס דאס איז פריינדשאפט און ליבשאפט און טובות טאן מענטשן און פירן א הארעפאשנעם באל-מעלאכישן לעבן. ווי טוט מען זיך אויס דערפון ?! און וויאזוי ווערט מען עס פון א ידן א גוי, א פאגראמ-טשיק ?!

— גבירישע קינדער ווערן אויס ידן ! — רופט זיך אפ יאסל דער שניידער — זיי האבן גוישע בילדונג באקומען, און פרעמד איז זיי דאס ידישע פאלק. קריכן זיי צו די גוים און קויפן זיך איין אין ליבשאפט צו זיי. דער ייד ארט זיי ניט.

— נישקשה ! עס וועט זיי נעמען ארן, ווען די צערייצטע גויה, וואס זיי האבן ליב, וועט זיי אויפווארפן זייער ידישן נאמען. און מיר, די פראסטע באלמע-לאכעס, וועלן ניט קריכן צו די גוים, און ידן זיינען מיר געווען, און מיר וועלן בלייבן ידן. און בעסער איז מאטערן זיך און בלייבן ידן, ווי צו זיין גוים און פייניקן ידן.

דער גבאי פאטשט אין עמוד און רופט :

— יידן! שטעלט זיך מעריב דאווגען!

א לאנגע ווײַלע בלײַבן נאך זיצן באלמעלאכעס די סלאבאדקער בײַ דעם לאנגן לערן־טיש און באהעפט צו אברהמען. א שטילע, בארואיקטע דעהייבנקייט אין הארצן, און באלעבאטים זײַנען זיי הײַנט געווען איבער דעם אמאליקן גורל פונעם יידישן פאלק. און מיט זייער דעה און ענטפער געקומען זײַנען זיי הײַנט.

אנומלט דערציילט אברהם בײַ דעם לאנגן לערן־טיש וועגן יידישע פאלקס־מענטשן, וואס האבן געזוכט צו געפינען אן אויסוועג פארן הארעפאשנעם פאלק, און געלערנט האבן זיי, אז טאקע מלאכה דארף זײַן מלוכה, אויס קיסר און אויס גביר, קיין ארעם, קיין רייך, און אלע גלייך, אלע מענטשן, אלע הארעפאשניקעס, און מענטשלעכער כבוד פאר אלעמען, און ארבעט און פרנסה צוזאט. אזוי האבן פאלקס־מענטשן געלערנט, אז עס דארף זײַן.

— און פאגראמען אויף יידן וועלן אויך ניט זײַן? — פרעגט סענדער דער קירזשנער.

— און ווער וועט עס מאכן, אברהם? און ווער וועט עס אויספירן? — פרעגט הארב און בייז אהרן דער בויער.

— מיר וועלן עס מאכן, און מיר וועלן עס אויס־פירן, מיר, דער ארבעטער־קלאס! — רופט אויס שטאלציק בונים, דער סעקרעטאר פונעם ארבעטער־קאמיטעט. — מיר, די אראגאניזירטע און באוווסט־

זיניקע סאציאל־דעמאקראטן בונדאוועס, אט די, וואס היינט מאכן זיי שטרייקן און פאדערן ארויס פון דעם באלעבאס אן אכט־שעהאיקן ארבעטס־טאג און א מענטשלעכן לוין. מיר וועלן אויספירן, אז מלאכה זאל זיין מלוכה.

פון דער ארבעטער־ארגאניזאציע און פונעם ארבע־טער־קאמיטעט האבן באלמעלאכעס גוט געוווסט שוין פונלאנג, און געוווסט, אז זייערע זין און טעכטער שטייען דארטן אין דער ארגאניזאציע, און מקנא געווען, וואס זיי אליין די באלמעלאכעס נעמט מען ניט ארײַן אהין. ווארום ווען יא, קריגן זיי אויך הוספות פאר זייער מלאכה.

— און מיר, די באלמעלאכעס, זיינען פסול ארייג־גענומען צו ווערן אין אייער ארגאניזאציע ? — פרעגט פארדראסיק בערל דער שוסטער.

— דערווייל ניט. — ענטפערט בונים. — אז עס וועט קומען צו דער סאציאלער רעוואלוציע, וועלן אלע שטיין אין איין ארגאניזאציע פונעם גאנצן הארעפאש־נעם פאלק.

— הייסט עס, באגלייך מיט משיחס קומען ? — גיט אן איראניש נאטע דער שוסטער.

— און מיר, — קומט אויף א מונטערע שטים ביי דער פארטראכטער באלמעלאכישער שטילקייט, — מיר ווארטן ניט אויף דער סאציאלער רעוואלוציע און אויך ניט אויף משיחן.

ביי דער אומטיקייט פונעם מנין דערקענט מען די פיגור און רופנדיקע שטים פון מענדל דעם סטאליער. זיין פנים איז איצט צעשוואומען, און ס׳איז ניט צו זעען זיין געוויינטן ליבלעכן שמייכעלע אויפן קיילעכדיקן געזיכט.

— מיר רופן דאס גאנצע יידישע פאלק זיך ראטעווען פון פאגראמען און זיך צונויפנעמען אלע יידן אינאיי־נעם אין אונדזער אלט־נייעם לאנד ארץ ישראל און דארטן זיין דאס אתה בחרתנו־פאלק, געהייליקט פון גאט און פון זיין הייליקער תורה. דארטן, אין ארץ ישראל, וועלן מיר אלע זיין גלייכע, און זיצן וועט יעדער אונטער זיין וויינשטאק און אונטער זיין פייגנ־בוים.

— דאס איז דער איינציקער וועג און דער איינציקער אויסוועג אונדזערער! — שליסט מענדל זיין רוף.

באלמעלאכישע קעפ זיינען געלענט צום טיש. א שטילשווייגן גייט אן. און מערנישט איין שטים, אהרן דעם בויערס רופט זיך אפ:

— הלואי וואלט דאס אמת געוועזן!

עס איז ניט צו פארשטיין געוועזן פאר די באלמע־לאכעס וואס האט אהרן געמיינט צו זאגן דערמיט.

## 4

א לאנגאניקע פריינדשאפט איז אויפגעשטאנען צווישן זיי ביידן, צווישן אברהם דעם לערער און אהרן דעם

בויער. א בענקשאפט כמעט פון איינעם נאך דעם אנדערן. אברהמען גייט אפ נאכאנאנד דער באשטענ־דיק אימפעטפולער ריזלדיקער ברויז און הארץ־גערודער פון אהרנס פאלקס־דראנג און פאלקס־געפיל. קיין איין קריוודע אקעגן א באלמעלאכע פארטראגט ער ניט, אהרן. אט דער אויפקאכיקער הארץ־גערודער קומט אן צו אברהמען פון אהרנס רוף:

— און פארוואס זאל דאס זיין אזוי?!

אהרנען איז צום הארצן געווען אברהמס באטראכט און באדאכט און דער אנטשייד אויף אלע זיינע פאר־וואסן, געשטעלטע צו אברהמען. ניין, מיט א פלייצע מאנט ניט אהרן פון אברהמען קיין ענטפער דא גלייך אויפן ארט. אברהם דארף זיך באטראכטן און דערנאך ערשט געבן אן ענטפער. אבער ער ווייס, אהרן, אז מיט אלע זיינע פארוואסן מאכט אים אברהם גערעכט.

איין פראגע שטעקט אים ווי א שפליטער טיף אין הארצן, אהרענען, און די פראגע בלייבט דערווייל פון אברהמען ניט געענטפערט:

— ווו איז דער אויסוועג פאר דעם הארעפאשנעם יידישן פאלק פון נויט און פון אומרעכט און צו א מענטשלעכן לעבן?

דערווייל ענטפערט אברהם, אז ער בלאנדזשעט אליין איבער דעם. און נאך זאגט ער, אברהם, אז ווען א מענטש בלאנדזשעט, דארף ער גיין מיטן פאלק. דאס פאלק בלאנדזשעט קיינמאל ניט.

עס איז אים ניט צו פארשטיין, אהרענען, פארוואס איז לעצטנס אברהם ניט ארויס מיט אן ענטפער צו בונימען און צו מענדלען איבער זייערע אויסוועגן פארן יידישן פאלק, וואס זיי האבן ארויסגעבראכט ?

אוונט־צייט, ווען אברהם און אהרן ווערן ביידע פארטיק מיט זייער טאג־ארבעט, מען אהוטעט זיך א ביסעלע און מען כאפט זיך צו זיך אליין, און דאס הארץ און דער קאפ לעכצן נאך עפעס א לעבעדיק ווארט און צו לאזן זיך ריידן אליין און פון הארצן אראפ.

ציט אברהמען צו אהרנס שטיבל פאמעלעך, פאר־טראכט, געקוקט צו די פיס און ניט געזעען די ערד. בלייבט זיצן אברהם אין א ווינקעלע אין אהרנס חדר אין דעם גרעסטן. עס נעמט ניט לאנג, אז עס פאלן אריין צו אהרענען שכנים מיט דערוואַרטנדיקע הערצער און אויגן צו הערן א ווארט, צו זאגן אליין א ווארט, וואס אויפן הארצן עס ליגט און בעט זיך אראפריידן אים און פרעגן און ווערן פארענטפערט פון אברהם דעם לערער און פון חברים.

היינט דערוואַרט אהרן, עס וועט קומען אברהם מיט זיינע געדאנקען איבער די בונדישע און די ציוניס־טישע געבאטן, געהאלטן לעצטנס אין באלמעלאכישן מנין. האט אבער אברהם זיך אוועקגעמאכט מיט שווייגן דעמאלט, און ער שווייגט היינט אויך, און ער

ווארט, זעט אויס, מענטשן זאלן נעמען ריידן, זאלן באלמעלאכעס קומען צום ווארט און אים אליין ענט־פערן אויף זיינע געדאנקען. וואס מיינט דאס פאלק, וויל ער וויסן, אברהם. און מיט זיינע אייגענע געדאנקען וועט ער קומען שפעטער, דערנאך, און זאלן באלמעלאכעס ניט געהאמעוועט זיין פון אים.

אהרן כאפט אויף אברהמס פארכמארעטע, זוכנדיק־פרעגנדיקע בליקן. ער קען זיי שוין פון פריער. ער ווייס, אנגעשפארט האט צו אברהמען דער געראנגל צווישן הארץ און קאפ זיינעם, מוז ער דאס איבער־קומען ביי א שווייגעניש. נעמט ער, אהרן, אליין ברעכן די געשפאנטע דערווארטונג. מענטשן אויף בענקלעך, אויף די טאפטשאנעס און אויפן דיל קוקן דאך פרעגנ־דיק:

— צו אונדז, צו די באלמעלאכעס, זיינען לעצטנס געקומען צוויי פירערס, בונים און מענדל, מיט זייערע געבאטן אויף צו ברענגען א דערלייזונג פאר יידן. — האט אהרן גענומען ריידן דער ערשטער.

— איך וויל זיך קלארמאכן, וואס זיינען מיר, די באלמעלאכעס, ביי יידן אקעגן די ארבעטער און אקעגן די גבירים, און וואס גארן מיר היינטיקן טאג און אויך מארגן. זיי ביידן, בונימען און מענדלען, האבן מיר גארנישט געענטפערט, אבער זיך אליין דארפן מיר דאך יא ענטפערן.

— וואס הייסט: וואס זיינען מיר? — רופט זיך גלייך אפ מאטע דער פארבער. — יידן זיינען מיר, און שטיקלעך מענטשן ביי זיך...

— און הארעפּאשניקעס ערלעכע זיינען מיר. — כאפּט איבער בערל דער שוסטער. — ערלעכע לייט, וואס ציען זייער חיונה פון דעם אייגענעם שווייס. אונדזער ברויט איז באשמירט מיט שווייס. וואלט ברויט נאר צוזאט געווען.

— א יידיש פאלק זיינען מיר, ווייל איך זאגן. — רופט זיך אפ אהרן דער בויער. — א פאלק, וואס לעבט זיך אויס אינאיינעם, הארץ צו הארץ און נשמה צו נשמה, און א ייד שטעלט זיך איין פאר א יידן, און לאזט אים ניט פאלן אין א נויט, און באלמעלאכעס ארט פאר באלמעלאכעס.

— וואס דען: די גבירים ארט פאר יידן און בפרט נאך פאר באלמעלאכעס?! רעוועט ארויס נאטע דער שוסטער. — זיי די גבירים און די באלעבאטים און די רבנים, זיי זיינען זיך א באזונדער יידישע פאלק, און מיר, די באלמעלאכעס און די ארבעטער, זיינען א באזונדער יידישע פאלק, דאס הארעפּאשנע. זיי האסן אונדז, מיר זיינען ביי זיי די אמאהאראצים, די גראבע יונגען, וואס מאכן שטרייקן, וואס זיינען מחויב צו ארבעטן פאר זיי פאר א שטיקל ברויט. דער באלמע־לאכע דארף גיין מיטן ארבעטער און ניט מיטן גביר און ניט מיט זייניקע.

— און א פאלקס־לערער צו וועמען געהערט, צו וועלכן פאלק? — פרעגט אברהם צעשמייכלט.

— צו אונדזער פאלק, צום הארעפאשנעם! —

— צו אונדזערן! צו אונדזערן! — רופן זיך אפ שטימען.

— און דער רופא לייזער, וואס היילט ארעמע קראנקע אומזיסט און שיקט צו זיי דערבאך מילך און צוקער, געהערט אויך צו אונדז! — רופט זיך אפ נאך א שטים.

— מערנישט, ווען די ארבעטער נעמען אונדז אריין צו זיך... — זאגט ווי געוואונטשן יאסל. — און אליין בלאנדזען מיר ארום אן א פירונג, אן שטייפקייט ביי זיך.

— איז ווען ניט מיט בונימס וועג און געבאט, וואלטן מיר אפשר געגאנגען מיט מענדלס וועג און געבאט, צו אן אייגענעם יידישן לאנד, וו קיין פאגראמען אויף יידן וועלן ניט זיין, און אויסלעבן וועלן מיר זיך מיט גאט אינאיינעם, יעטווידער אונטער זיין ווייגשטאק און אונטער זיין פייגנבוים? — פרעגט אברהם פארזיכטיק.

— און ווער וועט געוועלטיקן דארט איבער אונדז: די גבירים מיט זייערע געלטער? די באלעבאטים מיט זייערע פאבריקן? די רבנים? און מיר, די הארעפאשניקעס, וועלן הארעווען אויף זיי אט ווי דא? — פרעגט, א צעקאכטער, אהרן דער בויער.

— אבער א יידיש לאנד איז דאך דאס. — דערוויי־דערט זאלמען דער שלאסער.

— פאר וועמען? פרעגט צערייצט אהרן.

— דאס גארע יידישע פאלק וויל מענדל ברענגען קיין ארץ ישראל, פופצן מיליאן יידן. — רופט זיך אפ משה דער קירזשענר. — און אלע וועלן דאס האבן ארבעט?

אברהם שלינגט יעדן ווארט פון דעם פאלקישן הייפעלע מענטשן. אינגאנצן ארום צוואנציק זיינען זיי. דאס פאלק גיט זיך א קלארן חשבון, וואס דאס יידישע הארעפאשנע פאלק איז מיט זיין יידישן ווערט, מיט זיין מענטשלעכן ווערט, מיט זיין הארעפאשנעם יחוס אקעגן דעם יחוס פון דעם צווייטן קעגנזעצלעכן יידישן פאלק. דאס הארעפאשנע יידישע פאלק איז אויסער דעם אויך רעאליסטיש און ווייס ניט פון קיין ראמאנ־טיק. פאר אזא פאלק זיינען אנגעמאסטן ברייטע וועגן און ברייטע אויסוועגן.

נענטער צום אוונט־צו שטילן די סלאבאדקער באל־מעלאכישע הייזקעס פונעם טאגיקן שניידערן, שוס־טערן, בלעכערן, שטעפן, האמערן, הארעוועו. און קוים א קער און א ווענד זיך געטאן, שמוגלט די נאכט שוין אריין, דער שווארצער אנזאג אויף אומרו, אויף טויט און אויף חורבן. קוקן ארויס דערווארטנדיקע מוטערשע בליקן און הערצער צו דער דרויסנדיקער

טיר: זין און טעכטער דארפן שוין קומען פון דער ארבעט אין פאבריק, און זיי שפעטיקן זיך מיטן קומען. ציטעריקע פינגער דער מאמעס צינדן דעם קנויי־טעלע, וואס שטעקט אינעם פלעשעלע נאפט. שאטנס צעשפרינגען זיך איבער די ווענט און כאפן ארויס קינדערשע קעפלעך. דער מאמעס פינגער שיילן די לעצטע בולבענע, ווארפן זי אין פענדעלע וואסער און שווענקען. א פייערל שפראצט אויף אויפן פריפעטשיק אונטער דעם דרייפיסל. און ביי דער געשטיקטער נאכטיקער שטילקייט דוכט זיך, אויפגעקלאפט האט עפעס אינדרויסן, א טומל צעגעמט זיך, א בהלה, א מענטשן־צעווילדעט גערוף. שוידערט די מאמע און הערט זיך איין צעשראקן: דאס הארץ זאל דאס קלאפן אזוי? אדער דער קאפ זאל עס האמערן איר? פון דעם שכנס שטוב זאל מען עס רופן:

— א פאגראם!

פארלארענע, אומבאהאלפענע, פאראורטיילטע בליקן דעם טאטנס: — דער פאגראם זאל עס זיין?...

צעגרוילטע אויגן דער מאמעס פאלן־צו צום קינד, ארעמס און פינגער כאפן אים אן און דריקן צום טרוקענעם ברוסט. צעכליפעט זיך דאס צעשראקענע קינד ביים צאפל דער מאמעס. קלעמען די ארעמס דער מאמעס דעם קינד: מיט אים אינאיינעם פאלן א טויטע! אט וועלן זיי אויפברעכן די טיר מיט העק און מיט פרענטן, אריינפאלן צעווילדעט אין שטוב

וועלן זיי, מיט אויגן, פארגאנגען מיט רציחה און בלוט, מיט א צעפאכעטן האק וועלן זיי א ריס טאן דעם קינד פון איר ברוסט, און ווייל פארקלעמט איז עס, וועלן זיי צעהאקן דעם קינד מיט איר אינאיינעם... אינאיינעם פאלן צום דיל מיט צעהאקטע שארבנס און צערונענע געהירן, דאס הארץ אירע וועט נאך קלאפן און רופן, ביז א זעץ א צווייטער מיט דער האק וועט זי צעפלעטן אויף שטיקער.

דעם טאטנס פארגליווערטע בליקן פאלן אומזיכטיק צו דער מאמען, וואס צאפלט זיך אין חלשות צום דיל.

ביי דער גרויל־שטילקייט קלאפט עמעצער אין דער טיר. שטיל קלאפט מען. און עמעצער רופט אין יידיש:

— וואס האט איר זיך פארהאקט טיר און טויער?

— — — — — — — — — — — —

א קוויטעלע אברהמען צום האנט האט דערלאנגט אהרנס א קינד. אין דעם קוויטעלע שטייט געשריבן:

— אברהם ליבער! קום גלייך צו מיר צוליב באַ־טראכטן א וועג וויאזוי זיך קעגנצושטעלן פאר א פאגראם. אהרן.

ביי אהרענען אין שטוב טרעפט אברהם זיצן בו־נימען, דעם סעקרעטאר פונעם ארבעטער־קאמיטעט, אהרנס בייזע אויגן בליצן מיט פייער.

— חברים! — רופט אהרן צערודערט. — פון די

גוישע הייזער קומט א שטילער גערייד וועגן א פאג־ראם אויף יידן צום יאריד... דארף מען זיך באוואַ־רענען און געבן קלעפ אויף צוריק. א שטארקע קעמ־פערישע גרופע פון יונגע באלמעלאכעס און פון ארבעטער זאל דורך אונדז געשאפן ווערן, איינקויפן קאלט און פייער־געווער. געלט דערצו לאמיר זאמלען ביי די גבירים, סוחרים און באלעבאטים. אונדזער שוץ איז אויך זייער שוץ צוגלייך. איינקויפן זאלן מיר צען ביקסן און דרייסיק שלאג־פרענטן און אייזערנע הענטשקעס. באוואפענען צוויי גרופעס צו פינף און צוואנציק מאן יעדע. דעם קאמף־פלאן וועלן מיר בא־טראכטן. חבר בונים שטימט איין דערצו. יונגען פון זיין ארגאניזאציע וועלן זיך שטעלן מיט אונדז. זיי זיינען אלע סלאבאדקער חברה.

— רעכט אזוי, ווי דו זאגסט, אהרן. — רופט זיך אפ אברהם באדאכט.

און צוגעווארט א ווײַלינקע, פרעגט ער:

— אהרן! און מענדלען האסטו גערופן אריין מיט זיינע יונגען צו אונדזער קאמפס־גרופע?

— גערעדט האב איך מיט מענדלען וועגן דעם. ער קווענקלט זיך. און זאגן זאגט ער, אז די יונגעלייט פון זיין ארגאניזאציע דארפן מיטשטימען מיט זייערע טאטעס און מאמעס זייער גאנג אויף איינצושטעלן דעם לעבן פאר די סלאבאדקער ארעמעלייט. איז ער זיכער, מענדל, אז גבירישע און סוחרישע און באלעבאטישע

טאטעס און מאמעס וועלן ניט לאזן זייערע קינדער אויף הפקר צוליב די ארבעטער און צוליב די באלמע־לאכעס. און ער אליין, מענדל, וואס קען ער אויפטאן?

— נו! ניט איז ניט! — רופט זיך אפ אברהם. — און לאמיר זיך אפלערנען דערפון. די יידישע גבירישע קינדער גייען מיט די טאטעס, זיי וועלן גיין מיט זיי. זייער לייב און לעבן דארפן זיי האבן צוליב זיך אליין.

און א הייב אויף דעם קאפ, גלייך ווי עפעס אוועק־געשטופט פון זיך אויף אהינטער, זאגט ער ווידער, אברהם:

— נו, איז רעכט, חברים, און טאקע היינט נעמען זיך זאמלען דאס געלט. קומט, און באדריט לאמיר זיך לאזן גיין צו די גבירים צו אונדזערע.

— רעכט, אברהם, מיר גייען! — ענטפערן בײדע, אהרן און בונים.

ביי צבי־הירש דעם וואלד־סוחר, וואס פירט א גרויס־האנדל מיט אויסלאנד, זיינען זיי דרייען געבליבן שטיין ביי דער געשלאסענער טיר. געצויגן דעם גלאק און געלאזט הערן פון זייער שטיין דא האבן זיי שוין עטלעכע מאל. א פארטקע האט זיך צעעפנט, א נאז מיט א פאר אויגן האט זיי אנגעקוקט און איז פארשוואונדן, און בייז א קנאק מיטן פארטקע צוריק. שווערע, מיושב־דיקע טריט אין פירהויז און א הילכיק צעריגל פון אן אייזערנער שטאבע. א שמאלע שפארונע אין טיר, און א פאר בייז־פארכמארעטע אויגן און בליקן פון חשד.

באקוקט די געקומענע ביז קלייד און שטיוול אריין, און א צי און א דריי מיט דער נאז און א ריב מיט די פלייצעס, פרעגט צבי־הירש אויפגעבראכט:

— וואס?

— רב צבי־הירש! — רופט זיך אפ אהרן. — מען ריכט זיך אויף א פאגראם אין שטעטל. מיר זאמלען געלט איינצוקויפן געווער פאר דער סאמאבאראנע. מיט וויפל זייט איר גרייט בייצושטייערן?

— מיט קיין איין גראשן ניט! — ענטפערט חוצפה־דיק צבי־הירש. — מיך וועט דער סטראזשניק באשיצן, און איר שלאגט זיך קאפ אין וואנט

און א פארהאק די טיר.

פון פירהויז, פון אהינטער דער פארהאקטער טיר האט זיך געלאזט הערן אויפן הויכן קול:

— געהערט א חוצפה?! איך זאל זיי געבן געלט אויף צו באשיצן די קבצנים פון א פאגראם! א הזק א גרויסער: די קבצנים!

שווייגן געבליבן זיינען די דרייען ביי דער פאר־האקטער טיר. געבויגן די קעפ, און הערצער האבן אויפגעבורענט מיט צארן.

שטיין געבליבן זיינען זיי, די דרייען, אין דער געראמער ליכטיקער קיך ביי דעם לעדער־פאבריקאנט שניאור־זאלמען. צו דער נאז האט זיי א שפאר געטאן מיט געבראטנס און מיט געבעקס פון דעם בראט־אויוון. א קעכין האט זיך ארומגעדרייט ביי דעם גע־

בראטנס און צוגעגעבן שמאלץ, און דאס געבראטנס האט זיך נאכמער צעשפריצט און צערייצט.

— זיי וועלן באלד אריינקומען, רב שניאור־זאלמען.

— זאגט די קעכין, געקוקט צום געבראטנס.

דערקענט האבן זיי זיך ביידע באלד, דער פאבריקאנט און דער קאמיטעט־סעקרעטאר, בייז אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. שניאור־זאלמען האט א קער אפ געטאן דעם פנים און געווארט.

— באלעבאס! — רופט זיך אפ בונים. — מיר קלייבן געלט אויף סאמאאבאראנע. שטעטל ריכט זיך אויף א פאגראם. געווער איינקויפן.

— ווער איז דאס אזוינס דאס שטעטל, וואס דו זארגסט זיך פאר אים? — פרעגט שניאור־זאלמען, אריינגעקראכן אין פנים אריין צו בונימען מיט צע־רייצטע בליקן. — די, וואס מאכן שטרייקן און רייסן פאסן פון אונדז? אט די זיינען עס דאס שטעטל?! צי מיינט איר ניט, אז איר האט געכאפט דעם נאר, וואס וועט אייך דערלאנגען געלט צוליב די שטריי־קער?! צי מיינט איר ניט, אז מיך דארף ארן פאר מיינע שונאים?!

— און פאר באלמעלאכעס ארט אייך ניט, באלע־באס? — פרעגט אהרן, א צעקאכטער.

— וואס גייען מיר אן די באלמעלאכעס? — ענט־פערט בייז שניאור־זאלמען — צוליב מיר טוען זיי?!

— און פאר יידן ארט אייך, רב שניאור־זאלמען? — פרעגט אברהם.

— גאט איז א פאטער. זאל אים ארן פאר יידן! — ענטפערט שפאטיש שניאור־זאלמען.

משה דעם וויינער טרעפן זיי אין זיין וויין־געשעפט. דערזעען די דרייען אריינקומען, זאגט משה צו זיין ווייב:

— שפאגל־נייע קונדן, יענטע!

— א נדבה דארפן זיי מסתמא. — זאגט יענטע. אויסגעהערט האט משה די געקומענע און מיט דער ברייט־צעשפרייטער דלאניע א גלעט אראפ געטאן די צעפלאנטערטע געלע בארד, א שאקל מיטן קאפ אויף ניט און זיכערלעך א זאג געטאן:

— קיינער אז גאט און די פאליציע. פאר א פלעשל בראנפן באשיצט מען מיך. און באלמעלאכעס זאלן זיך שיצן אליין. ניט מיינע קונדן זיינען זיי.

שמואל־זעליק דער גביר, דער וואכערניק, האט זיי געענטפערט:

— געלט דארפט איר? די באלמעלאכעס קומען מיר געלט. איז וואס זשע ווילט איר: איך זאל לייגן געלט אויף געלט?!

און פארביי דער קלויז רופט אברהם:

— קומט, לאמיר ארייך צו די ישיבה־בחורים און רופן זיי נעמען געווער און מיט אונדז אינאיינעם זיך איינשטעלן פאר יידן.

א איראנישער שמייכל האט באנומען זיי אלעמען.

אין קלויז האט געהודעט מיט צעצויגן־פרעגנדיקע קשיות און שאלות און מיט באפרידיקטע תירוצים און פארענטפערטע טענות. א דרייסיק־פערציק ישיבה־בחורים זיינען געזעסן ביי די לאנגע לערן־טישן. ביי די שטענדערס, ביי די פענצטער, זיך געוויגט און געשאקלט מיטן גוף און מיטן קאפ, געגלעט דעם קוים שפראצנדיקן בערדל, געדרייט די פיאות, אנגעשפארט מיט די עלנבויגנס צו די גמראות.

די דריי אריינגעקומענע זיינען א היפשע ווײַלע שטיין געבליבן ביי דער טיר און אויסגעווארט און זיך צוגעקוקט און זיך צוגעהערט. דער געהאט אויפגעשיינטער איראנישער שמייכל איז אראפ פון זייערע געזיכטער. א פארדראס איז געקומען צו זייערע הערצער. און באלד האבן ריידנדיקע הענט אהרנס זיך אויסגעשטרעקט פרעגנדיק:

— פערציק פעיקע יונגע קעפ לערנען אט א דאס? צוליב וואס? צוליב ועמען?!

עס האט עמעצער א ישיבה־בחור זיך א כאפ געטאן מיט די בליקן צו די אריינגעקומענע, זיך געחידושט א רגע און אוועק צו דעם ראש ישיבה אנזאגן אים פון די פרעמדע, וואס האלטן זיך אויף ביי דער טיר. דער ראש ישיבה הייבט דעם קאפ פון דער גמרא ארויס, דערזעט פאר זיך דעם ישיבה־בחור און די פרעמדע,

און באהערשט נאך אלץ פון די גמרא־געדאנקען, דערנעענטערט זיך און פרעגט:

— וואס איז די מעשה?

— רבי! שטעטל ריכט זיך אויף א פאגראם אויף יידן. ארבעטער און באלמעלאכעס שטעלן זיך קעגן מיט געווער אין האנט. בעטן מיר, אייערע ישיבה־בחורים זאלן זיך שטעלן מיט אונדז אינאיינעם זיך שלאגן קעגן די רוצחים און פארן יידישן פאלק. — אברהמס ווערטער האבן געבעטן און גערופן.

צעקאכט זיך דער ראש ישיבה און גייט פון די כלים ארויס:

— וואס הייסט? ווו איז דאס געהערט און געזעען געווארן: תורה־לערנער, תלמידי חכמים זאלן האלטן כלי זין אין זייערע הענט?! און גיין שלאגן זיך מיט גוים?! אז אונדזער כלי זין איז די תורה אליין און תשובה ותפילה וצדקה, און גאט איז דער באשיצער.

פערציק פאר בחורישע אויגן האבן זיך א קער אויס געטאן צו דעם הויכן געשפרעך ביי דער טיר פון ישיבה. די פינגער זייערע האבן ציטערן גענומען, און פארקלעמט האבן הערצער ביי זיי.

— ווערן יוונים און גיין שלאגן זיך מיט גוים? — האט פלוצים אויפגעפלאצט א בחורישע שטים און זיך צעהילכט איבער אלעמענס קעפ.

— רבי! — רופט זיך אפ אברהם. — אמאל האבן די יידישע גבורים זיך געשלאגן מיט די גוים פארן

יידישן פאלק מיט כלי זין אין האנט. פארוואס זאל דאס היינט ניט געמאלט זיין אזוינס ?

— אפיקורסים ! — צעשרייט זיך דער ראש ישיבה.

— אמאהאראצים ! גראבע יונגען ! געהערט א חוצפה ? א העזה פון גראבע יונגען ? !

און פון קלויז ארויס, רופט זיך אפ אהרן, א צעקאכטער :

— אויס ! און אן עק זאל דאס נעמען צו דעם כל ישראל חברים ! צוויי יידישע פעלקער זיינען פאראנען : א הארעפאשנע פאלק טוער און בויער און לערער און היילער. און א צווייטע פאלק איז פאראנען, וואס זיצט אויפן קארק ביי דעם ערשטן פאלק. דאס זיינען די גבירים, די סוחרים און די רבנים. און נאך זאל זיין קלאר פאר אונדז : דאס צווייטע פאלק האט אונדז פיינט און איז ניט מיט אונדז. און מיר זיינען ניט מיט זיי.

און באדאכט א ווײלע, זאגט ער הארט און הארב :

— און וועגן און אויסוועגן שטייען אונדז אנדערע, אונדזעריקע און אקעגנזייעריקע.

אויפמארגן אינדערפרי האבן זיך שוין צעטומלט, צעקאכט און צערודערט סלאבאדקער הייזקעס. פאר־צאפלטע דלאניעס האבן בייז־האסטיק געשטעפט און געשטאכן און געהאמערט, און באלמעלאכישע מיילער האבן ניט אויפגעהערט צו זידלען :

— פארברענט זאלן זיי ווערן אלע גבירים מיט די

באלעבאטים אינאײנעם! זײ װעלן זיך אפקױפן, ניש־קשה! אױסגײן װעט זיך דער פּאגראם צו אונדז!

און צװישן מנחה און מעריב אין באלמעלאכישן מנין איז ניט ארײנצושטעקן א פינגער צװישן געפּאקטן עולם. געקומען ניט גערופענע, ניט געבעטענע. עפּעס דארף מען דאך טאן. ניט קײן קלײניקײט: א פּאגראם! דערװארטן פארכמארעטע אױגן, װאס װעט מען זאגן.

אױפן באלעמער אין טיש טוט א זעץ מיט זײן קרעפּטיקער דלאניע אהרן דער בױער.

— ײדן, זאל זײן שטיל! — רופט ער אראפּ.

קױם עס שטילט אײן.

— ײדן, ברידער! — רופט אהרן, און עס ציטערט זײן הארציקע שטים אױף. — קעגן דעם פּאגראם װעלן מיר זיך שטעלן אלײן, מיר, די ארבעטער און די באלמעלאכעס, דאס הארעפּאשנע ײדישע פאלק. זײ, די גבירים, װעלן זיך אפקױפן מיט געלט און מיט בראנפן. מיר האבן געשאפן א קעמפער־גרופּע פון פערציק מאן, און מיר װעלן זיך שלאגן. דארף מען געװער. מיט תהילימס שלאגט מען זיך ניט. די גבירים האבן אונדז קײן גראשן ניט געגעבן דערױף. פארטריבן האבן זײ אונדז...

— װעלן מיר שאפן אלײן דאס געלט! — האט א שטים א צעקאכטע איבערגעהאקט. — װעט זײן די לוסטע ברױט דינער און מיט אײן בולבענע קארגער...

— מיר װעלן צונױפמאכן דאס געלט, און אײנשאפן

געווער זאל מען! — רופט א צווייטע שטים הייזעריק־צערודערט און פעסט באשטאנען אויף זיינס.

— אונדזער בלוט איז ניט וואסער, און הפקר וועט עס ניט זיין! — רופט א יונגע שטים.

— און זאל מען גלייך נעמען זאמלען דאס געלט גראשן נאך גראשן! — רופט נאך איינע א הארבע שטים.

געהודעט האט דער באלמעלאכישער מנין פון צארן און גרייטקייט.

5

האלבן טאג, ווען די תמוזדיקע זון האט צעהיצט דעם יאריד און אלע זיינע הונדערטער שטימען און קולות, און געראפן און געשרייען, און זידלערייען און טענות, און דינגעניש און אנבאטן, און שיכורן זינגע און וויינען, און צעיושעטן לאכן, און פערדישן הירזשען און שעפסענעם מעקען און רינדערשן רעווען, און הענער־שע קרייען, און געגדזענע גראגערן און ענדיקישן האלדערן און ווילדע געשרייען פון געקלאפטע גנבים; ווען די תמוזדיקע זון האט צעהיצט און צעשוויצט און צעפלאמט די קיילעכדיקע פליישיקע באקן און נעז און אויגן ביי די פויערים אין ווייסע העמדער און ביי די פויערטעס אין פארביקע קליידן און אלעביים זיצן אין די אויסגעשפאנטע וועגענער און ביים זשליא־

קען דעם בראנפן פון די אויסגעקערטע פלעשלעך
ארויס און טשמיאקען מיט די ציינער דעם קוילעטש
און הערינג, און קרעכצנדיק ווידער געזשליאקעט, און
קינדער, צעהיצטע, צעשוויצטע, האבן קאנדל־צוקערלעך
געהריזשעט מיט בּרייט־צעעפנטע ווייסצייניקע לאכנ־
דיקע פּיסקעס.

ווען יידן, צעהיצטע, צעשוויצטע, און מיט זוכנדיקע, אימפּעטדיקע בליקן און פינגער האבן אין די פויערשע וועגענער געטאפּט און מקחים געפרעגט און זיך געדונגען און אנגעבאטן און מיט גארנישט אוועק, ווען צעטראגענע איידעמס אויף קעסט האבן א שטיקל פרנסה געזוכט ביים קויפן א בינטעלע חזיר־האר און א קעלבענעם פעלכל, ווען צעהיצטע און צעשוויצטע און צעטומלטע שניט־קרעמער האבן געצויגן און געשלעפּט פאר די ארבל די פויערטעס צו זיך אין קראם אריין און דערביי זיך געזידלט מיטן שכנישן קרעמער, הלמאי יענער שלעפּט די פויערטע צו זיך גאר, און אריינגעשלעפּט די פויערטע צו זיך אין קראם, צעלייגט פאר איר זיין סחורה און זיך געשווארן, אז ער דערלייגט דערביי ביי דעם האנדל, ווען מארק־סעדעכעס ביי טישלעך און ביידלעך, און צעהיצטע און צעקאכטע האבן גערופן די פויערטעס צו פארזוכן זייער געבעקס, אדער צו קויפן כמעט פאר אומזיסט א שנירעלע קרעלן, א שפּיגעלע, א בענדל א נאדל און באוול, ווען יידישע פערד־הענדלער האבן געפּאטשט

מיט די דלאניעס איבער די העלדזער פון זייערע פערד און געשוואָרן מיט זייער יידישן נאָמען, אַז די פערד זייערע זיינען גאָר אַדלערס און קיין פערד ניט, כאָטש די ציינער זייערע זיינען צעפוילטע, און רייטן קען מען אויף זיי ווי אַ וויכער, און טאָמער שלעפן די סאַכע, איז דאָך אודאי גוט און אנגעמאָסטן, ווען צעהיצטע און צעשוויצטע קצבים האָבן אויסגעטאַפּט אַ רינד און מיט דער דלאַניע געפּאַטשט אין דער פויערשער דלאַניע, געבאָטן אים אַ העלפט געלט און געגופן אים אין שענק אַריין אויסצוטרינקען אַ גלעזל אויף באַרישעס;

ווען צעהיצט און צעשוויצט איז געוועזן דער יאַריד, האָבן זיך דראַבנע און פריילעך צעקלונגען די גלעקער פון קלויסטער. דאָרטן, אינווייניק טיף, ביי די געצוב־דענע ליכט האָט נאָך דער כאָר־געזאַנג גערופן:

— פרידן אויף דער ערד און אַ וויל־געמיט אין מענטשנס הערצער!

און ביי די גרויסע צעפּראַלטע טירן פונעם קלויס־טער האָבן בייז־צערייצטע אויגן צוגעוווּנקען איינע צו די אַנדערע, און צעשויבערטע, צעשוויצטע קעפּ און שווייסיקע פּנימער האָבן צוגעשאָקלט אויף יאָ, און נעגלדיקע פינגער האָבן געקלעמט אונטער די רעקלעך העק און פרענטן. אַ בייז־צופרידענער רויבערישער שמייכעלע קריכט צו אַלעמענס געזיכטער אַרויף.

וואָסיל דעם גנבס קאָפּ איז העכער פון אַלע אַנדערע

ארום אים. זיין הייזעריק־רעוועגדיקע שטים איז קרעפ־טיקער פונעם כאר־זינגען אין קלויסטער:

— בראטצי! ביי זשידאוו! ספאסאי ראסייו!

א פריידיקער גערודער, א מיטגעברום פון די צע־שויבערטע קעפ. א הילכיקער שפאר ארויס פון אלע זייטן:

— ביי זשידאוו! ספאסאי ראסייו!

צעציטערטע גופים ביי א באלדיקן ריס פארויס.

קוים עס אנטשטומט דער לעצטער דינינקער גלאק.

— איידא! — רופט באפוילעריש וואסיל. ער צלמט זיך, וואסיל. אלע טוען אים נאך.

א הונדערט קעפיקע באנדע האט זיך א שפאר אוועק געטאן פון די קלויסטער־טרעפלעך, אדורך איז די אייזערנע געגראטעוועטע טויערן, ארויסגעצויגן און פארהייבן העק און פרענטן און זיך צערעוועט אויף די הויכע קולות:

— ביי זשידאוו! ספאסאי ראסייו!

א שטילע קאמאנדע צווישנאנאנד:

— דא ווינניקא!

— דא הארבארניקא!

— דא מוטשניקא!

— דא קראסנא טאווארו!

— דא סלאבאדקי!

— דא סינאגאגי!

און זיך צעשפליטערט אויף גרופקעלעך, איז די באנדע צעקראכן.

קרעמער אין מארק, די נאענטסטע צום קלויסטער, האבן די ערשטע אויפגעכאפט די צעווילדעטע רופן פון די פאגראמלייט. דאָס אייליקע שליסן די שלעסער און שטאבעס האט מיט א צאפל זיך צעקלונגען איבערן מארק. א סכנה-געקלאנג, א בהלה-גערוף פון ווייבער־שע וויינענדיק־קרעכצנדיקע העלדזער. א געכאפ פון די ביידלעך און טישלעך אראפ און צעשטעקן די סחורה אין די קוישן אריין. פאראטעמט, פארסאפעט, געשלעפט אויף די פלייצעס און קוים-קוים אהיים, זיך פארהאקן, פארריגלען, זיך באהאלטן אין קעלער מיטן געזינד אינאיינעם ביז אדורך וועט דער בלוטיקער צארן.

און ביים בהלה-געלויף איבער זייטיקע געסלעך און גאסן האט איבער ידישע הערצער און קעפ געליארעמט און געפלאצט און געשטורעמט דער וועלפיש־צעיו־שעטער:

— ביי זשידאוו, ספאסאי ראסייו!

צעשוידערטע ידישע הערצער און אויגן האבן בהלה־דיק געזוכט זיך א וועג און אן אויסוועג.

דערהערט דעם אומרו־געקלאנג פון שלעסער און שטאבעס, פון מהומה־גערופן, דערזעען דעם פלוצלונג־געלויף פון צעשראקענע ידן, האט א ווילדע פארגלי־ווערט דער פריילעך־צעשיכורטער מארק. און גלייך דעם צעווילדעטן ליארעם דערהערט פונדערווייטנס.

ציטערט אויף דער מארק פון אומרו, פון א סכנה, וואס לויערט פון ערגעץ צו אים. א בהלה־געשריי צו די מאנען:

— שפאן גיכער די פערד! אהיים דארף מען אנטלויפן!

צעמישט האט זיך אלץ און אינאיינעם: דאס היר־זשען פון פערד און געוויין פון די קינדער און רעווען און מעקען און גרילצן און צעשראקענער רופן פון ווייבער: גיכער! גיכער!

וואסיל דער גנב האט א ווונק געטאן צו זייניקע:

— צו דעם וויינער!

זיך צוגעכאפט פעסטער צו זיין האק און פרענט און זיך א ריס אוועק געטאן צו משה דעם וויינערס וויין־קעלער.

געשלאסן איז די אייזערנע טיר און לאדן איבער דעם וויין־קעלער. א צען פאר צערייצטע הענט האבן זעצן גענומען אין די ביישטידלען און באלד איז ארויסגעשליידערט געווארן די טיר און דער לאדן מיט די ביישטידלען אינאיינעם און געפאלן צום גאס מיט א בראזג און צעשפליטער פון שויבן. פונעם וויין־קעלער דורך די לעכער ארויס האט א שפאר געטאן א געדיכטער דעמפיקער וויין־אראמאט און אויפגע־רייצט און צעווילדעט מיט שיכורער גארונג די כאפטע פאגראמטשיקעס. די העק און פרענטן געווארפן

צו די פיס, מיט צעברייטערטע לעכצנדיקע צערייצטע אויגן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט און נעגלדיקע פינ־גער. שטויסנדיק איינע די אנדערע, האט זיך די צע־יושעטע כאפטע א שפאר געטאן צו די פלעשער בראנפן און וויין, אנגעכאפט פאר די העלדזולעך, א קלאפ מיט דער דלאניע צום אונטן, ארויסגעזעצט דעם פראפן און אריין מיטן העלדזל אין מויל אריין. א הילכיקער זשליאקען האט צענומען דעם וויין־קעלער. און ווען אויסגעליידיקט איז געווארן די ערשטע פלאש, האבן צאפלדיקע פינגער כאפן גענומען פלעשער וויין פון די פאליצעס אין די קעשענעס אריין, און ווען ארויסגעשטארצט האבן אלע קעשענעס, האבן צולעצט שיכורלעכע פינגער צוגעכאפט זיך צו נאך א פלעשל, קוים צעעפנט אים און אויסגעזשליאקעט ביזן לעצטן טראפן.

א צווייטע כאפטע פאגראמטשיקעס, וואס איז אריין אין דעם וויין־קעלער באלד נאך דער ערשטער כאפטע, האט שוין אויף די פאליצעס גארנישט געפונען פאר זיך. און געוווסט, אז דארטן אונטן, אונטער דעם דיל, שטייען פעסער אלטן וויין, האט די כאפטע אויפגע־בראכן דעם ליק, אויף די הענט און פיס אראפגעשטיגן ארונטער, אנגעטאפט די פעסער וויין, מיט די העק ארויסגעזעצט די דעקן און מיט די מיצן שעפן גענומען און זויפן דעם וויין, ביז ליידיק עס זיינען געבליבן די פעסער. באלד זיינען דילן אויבן און

אונטן באשפרייט געווארן מיט טויט־שיכורע גופים, זיך געשמירט אין אייגענעם שמוץ.

אויפגעבראכן האט א ניכטערע כאפטע מאנסביל און ווייבער גרויסהענדלערשע מעל און צוקער־געשעפטן און שניט־קראמען, און צעראבירט אלץ אויף ריין. אויסגעליידיקט איז געבליבן די לעדער־פאבריק. פון דעם גבירס באצירטע סאליעס איז צעשלעפט געווארן אלץ, וואס עס האט זיך געלאזט שלעפן, און צעשמעטערט געווארן אלץ דאס, וואס עס האט זיך ניט געלאזט אוועקשלעפן.

צום רבינס קלויז האט זיך צולעצט א לאז געטאן א אכפטע ניכטער געבליבענע, מיט רויב ניט געזעטיקטע פאגראמלייט. דארטן, אין דער זשידישער סינאגאגע, ליגט זיכער באהאלטן דאס גאלד און זילבער פון די זשידעס. אריין אין קלויז און שטיין געבליבן א ווײַלע ביי דער שוועל. א זינגעוודיק גמרא־לערנען פון אלע זייטן האט זיי באנומען צוערשט.

— ביי זייער גאט בעטן זיי ארויס קללות אויף די רוסן! — האט שטיל א רוף געטאן איינער פון זיי.

— אנטיכריסטן זיינען זיי! — האט שטיל געענטפערט א צווייטער. — אונדזער קריסטוסן האבן זיי געקרייצט.

— אט שטייט אינמיטן די שאפע מיט גאלד.

א ישיבה־בחור, א צווייטער, א דריטער הייבן די קעפ פון דער גמרא, באקוקן די כאפטע.

— רבי! — רופט איינער. — ערלים!

עס שטילט מיטאמאל דער גמרא־ניגון. קוקן דערצי־
טערט בחורישע אויגן. זייערע פינגער ציטערן איבער
די בלעטער פון גמראות.

עס הייבט דעם קאפ דער ראש ישיבה, קוקט און
באנעמט קוים וואס דא געשעט. עס בלאנדזען ארום
זיינע אויגן נאך ערגעץ אין דער סוגיא. ער שטייט
אויף, מאכט עטלעכע שפאן פארויס צו די ערלים
באקוקט זיי שארף און זאגט צו זיי מאנענדיק:

— נו! א! — פארטרייבנדיק זיי מיט זיין האנט.

— ביי זשידאוו, ספאסאי ראסייו! — האט אויפגע־
פלאצט אין קלויז.

צעפאכעטע העק און פרענטן זיינען געפאלן איבער
בחורישע קעפ און גופים. א וויי־געשריי פון צעהאקטע
גופים, א "שמע ישראל"־גערוף, א גערודער פון געפא־
לענע טישן און בענק, א געבעט, א וויי וויינענדיק:

— טאטע אין הימל! ראטעווע דיינע צאן קדושים!

בלוט איבער די גמראות. בלוט איבערן דיל.

א ריס אראפ דעם פרוכת און צעפראלט מיט בייז
צארן די טירלעך פון ארון קודש, האבן נעגלדיקע
פינגער געשלעפט די ספרי תורות פאר די מענטלעך
און געשליידערט ארויס און צום דיל. אויסגעטאפט אלע
ווינקלען, געקלאפט אין די ווענטלעך. און שטיין
געבליבן א ווילע אנטוישט, זיך אויסגעזידלט רוסיש־
לעך און א רעווע געטאן:

— באהאלטן האבן זיי, די זשידעס, זייער גאלד!

גלייך נאך די ערשטע פאגראם־גערופן און דער בהלה אין מארק האבן אנטלאפענע ווייבער און מאנסביל געבראכט אויפן קול די ידיעה:

— א פאגראם! א פאגראם!

געפלעפט צו דער הייסער מינוט, זיינען באלמעלא־כעס און א ווײַלינקע פארגליווערט געווארן ביי זייער מלאכה. און באלד זיך געכאפט, און עפעס דארף מען טאן, און רופן די קינדער אין שטוב און אויסבאהאלטן זיי. מילא, אליין ווי אליין, אבער די קינדער... און דערנאך דארף מען באהאלטן דעם באלמעלאכישן קלאפערגעצייג... עס וועלן באפאלן די רוסישע באל־מעלאכעס, וואס גייען ארום אן ארבעט, און ברעכן און ראבעווען וועלן זיי צוערשט דעם קלאפערגעצייג. די נשמה אוועקנעמען וועלן זיי דערנאך.

אויבן, ביים אנהייב סלאבאדקע, שטייט שוין אהרן, אברהם און בונים. יאטן זאמלען זיך ארום זיי, גיך, געאיילט, איינער צו איינעם. זיי צעשיידן זיך גלייך צו דריי גרופעס. צווייען גייען אוועק מיט אהרענען און מיט אברהמען, צו די בוידעמס פון די צוויי קעגנ־איבערדיקע הייזקעס, די דריטע גרופע גייט אוועק מיט בונימען. עס האט יעדער יאט מיטגעבראכט זיין באשטענדיקן וואפן, באהאלטן אונטער די פאלעס. אפגערעדט איז געווארן פון פריער, אז די ערשטע צוויי גרופעס בלייבן באשיצן סלאבאדקע, די דריטע גרופע באשיצט באוועגלעך די ארבעטער־הייזער אויף קארפי־

לאווקע. אפגערעדט געווארן איז אויך, אז ביי דעם ערשטן בראזג אין א באלמעלאכישן שויב, וועט ענטפערן א זאלפ פון פיר יעגער־ביקסן, געלאדן מיט וועלפישן דרויב און שיסן איבער די פיס פון די פאגראמטשיקעס, ניט צו דערשלאגן זיי צום טויט. בונימס גרופע וועט ארומשפרייזן איבער די געסלעך און ענטפערן מיט פייער צו אן ענלעכן באפאל.

טויט־פארטייעטע באלמעלאכישע הייזקעס האבן מיט פארצאפלטע הערצער אויפגעכאפט דעם צערעוועט־צעווילדעטן רוף פון די פאגראמטשיקעס. א זאלפן־שאס פון פיר ביקסן האט זיי געענטפערט. א ווילד־געוואי גלייך ווי פון געשלאגענע הינט און א ריס צו די פענצטער פון הייזקעס. נאך א זאלפ, און נאך איינער... די כאפטע שלעפט אוועק אירע געפאלענע. אליין די צעבלוטיקטע שלעפן די געפאלענע. און ווידער א שטילקייט.

עטעמען אפ סלאבאדקער הייזקעס און הערן זיך איין צו דער שטילקייט.

פון די בוידעמס אראפ זיינען ביידע גרופעס קעמפער. באלד איז אנגעקומען בונים מיט זיין גרופע.

— עטלעכע שאסן האבן גוט געהאלפן — זאגט בונים. — א ווארעמען קאמפרעס האבן מיר זיי צו־געלייגט.

סלאבאדקע האט גלייך דערהערט אירע מענטשן ריידן. האבן זיך טירן צעעפנט, און אין דרויסן ארויס

זיינען ווייבער מיט קינדער, נאך אלץ געקלעמטע צו די ברוסטן. ארויס זיינען באלמעלאכעס מיט נאך אלץ צעשראקענע בליקן און זיך אומגעקוקט. זיינען קינדער ארויסגעשפרונגען פון זייערע באהעלטענישן, זיך גע־כאפט פאר די הענט און טאנצן גענומען. האבן מאמעס טרערן געווישט.

— אפגעראטעוועט סלאבאדקע! — כליפעט ארויס אן אלטע יידענע.

— היינט אפגעראטעוועט זיך, און מארגן ווידער א פאגראם. — רופט זיך אפ בערל דער שוסטער.

— ועל חרבך תחיה! — רופט זיך אפ אהרן דער בויער. — וועלן מיר האלטן די ביקסן, וועט מען האלטן פון אונדז.

— ואהבתה לרעך כמוך! — פאלט אריין אין די רייד ישעיה דער בויער. — מיט ליבשאפט און פריינד־שאפט צו פעלקער באהערשט מען די פיינטשאפט זייערע.

—מיט יידישער ליבשאפט און מיט יידישער פריינד־שאפט און מיט יידישן בלוט זיינען געפלאסטערט טויזנטיאריקע יידישע וועגן! — ענטפערט א צעקאכ־טער אברהם דער לערער.

— אין קלויז האט מען אקארשט דערהארגעט צום טויט דעם ראש ישיבה און צען ישיבה־בחורים און פארשווענכט אלע ספרי תורות! — כאפט אויף א באל־מעלאכע, אקארשט געקומען.

— נו, וואס וועסטו זאגן דערויף, ישעיה, א? — רופט זיך אפ בייז אברהם. — טויזנט יאר, אז מען האט ארויסגעריסן פון די הענט פונעם ייִדישן פאלק די שווערד און די ביקס, באהאלטן עס אויף די בוידנעמס אונטער די צעפוילטע שימות און דעם פאלק געהייסן גיין וואס גיכער צו יענער וועלט און פאלן אליין צו די שייטערס, צו די מערדערשע העק און אייזערנע פרענטן... מען פאלגט אייך ניט מער און מען וועט אייך ניט פאלגן! ליבשאפט און פריינד־שאפט וועלן מיר טראגן צום ייִדישן הארעפאשנעם פאלק און א ביקס צו אונדזערע פיינט!

— גערעכט, אברהם! — האט אויסגערופן אהרן דער בויער.

## 6

און ווען געקומען אהיים צו זיך און א טויט־מידער צוגעפאלן צום געלעגער, זיינען אנדערע געדאנקען באפאלן אברהמען. גוישע פיינטשאפט צו ייִדן, פאגראָ־מען, דאס ביטערע לעבן אין שטעטל, און ווידעראמאל: אן אויסוועג?

— גוט! — טראכט ער אברהם: — די ביקס איז א ביקס, איינצושטעלן זיך פארן לעבן און פאר מענטשלעכע רעכט, ווען די מאכט אליין שטעלט זיך ניט איין פאר ייִדן. אבער מיט דער ביקס אליין קען מען זיך ניט אויסלעבן מיט א שכנישן פאלק. און פריינדשאפט

העלפט ניט אויף צו דערוועדבן די קעגנזייטיקע פריינד־שאפט. איז ווו גרונטעווען זיך די סיבות פון פיינט־שאפט צום יידישן פאלק ? וואס קען פירן צו פריינד־שאפט ?

— אין דער געשיכטע פון פראגרעסיווער אנטוויק־לונג פון פעלקער און לענדער האט דער יידישער פאר־געשריטענער אונטערנעמערישער גייסט געפלאסטערט די ערשטע ברייטע וועגן ביי אדמיניסטראציע, ביי פינאנצן, ביים גרויסהאנדל, ביי אינדוסטריע, ביי וויסנ־שאפטן, ביים מאראל־גייסטלעכן וועזן. די טראגעדיע פון דעם יידישן פראגרעסיוו־אונטערנעמערישן גייסט באשטייט דערין, וואס די אנטשפרעכיקע לאנד־שיכטן זיינען נאך רעגרעסיוו געווען. האט די יידישע אונטער־נעמערישקייט גערופן קנאה און פיינטשאפט מצד די הינטערשטעליק געבליבענע. אויף צו באהערשן דעם יידישן גייסט האבן זיך צונויפגענומען און באהעפט אלע לאנד־שיכטן, איינגעשלאסן דעם קלער. ער, דער קלער, האט באפארבט די קעגנערשאפט און פיינטשאפט מיט רעליגיעז־קריסטלעכע מאטיוון און געשאפן אזוי־ארום א אידעישן פראנט קעגן יידן בכלל. אזא איז דערשינען די שפאנישע אינקוויזיציע. — ביי כמעל־ניצקיס צייטן, — טראכט ווידער אברהם, — איז דער יידישער אונטערנעמערישער גייסט געווען רעגרעסיוו צום אוקריינישן פאלק און צום לאנד. ביי דעם רעזשים פון פעאדאלער לייב־הערשאפט איז דער יידישער

ארענדאר געשטעלט געווען צו זיין דער ברוטא־לער באלעבאס איבער די לעבנס פון א מיליאן פארשקלאפטע פויערים, איבער זייער פיזישן, מאטער־יעלן און גייסטיקן וועזן. דעם הארבן ווילן פונעם פוילישן מאגנאט האט דער ידישער ארענדאר געמוזט דעקן מיט א שטארקער האנט און מיט אן אויסגע־שטרעקטן אדעם. בלוטיקע פיינטשאפט צום ידישן ארענדאר האט פארפלייצט דאס גאנצע ידישע פאלק אין אוקריינע.

— אין רוסלאנד האט דער ידישער אונטערנעמע־רישער גייסט, דער גרויס־האנדל און אינדוסטריע, וואס ביידע זיינען זיי געווען פראגרעסיוו, גערופן צו שטערן די עקאנאמישע אינטערעסן פון די רוסישע אנטשפרע־כיקע שיכטן פון פאלק. צום קאמף קעגן דעם ידישן אונטערנעמער האבן די רוסן גערופן די פראוואסלאוונע קירך און די מאנארכיע. דרייפאכיקע פיינטשאפט צו ידן האבן זיי געזייט און געשפרייט צווישן דעם פראסטן רוסישן פאלק און אנגערייצט אויף ידן און ידן באשולדיקט און שולדיק געמאכט אין דער ארעמ־קייט פון די רוסן.

— היינטיקע פאגראמטשיקעס זיינען ארעמע לומפן, וואס זיינען געטריבן דורך דער קירך און דער מאנאר־כיע אויסצולאזן צו ידן דעם רוסישן צארן פאר הונגער און נויט, און מיט רויב און מיט בלוט שטילן דעם צארן.

דער געליטענער פון דער יידישער גרויס־אונטער־
נעמערישקייט איז געבליבן דאס הארעפאשנע יידישע
פאלק. און ביי אלע פאלן. דער יידישער אונטערנעמער
אליין האט זיך אפגעקויפט מיט זיין געלט.

— און דאס רוסישע פאלק איז גענייגט צו מערערייי
און צו רויב מערנישט פון זיין ארעמקייט וועגן? —
פרעגט אברהם זיך אליין. — שטעקט דען דא ניט זיין
מערדעריי אין זיין פאלקישער נאטור? און ווען מען
קומט מיט פריינדשאפט צום רוסישן פאלק לויט ישעיה
דעם בויערס עצה, וועט זיך ענדערן זיין פאלקישע
נאטור? און אויס מערדער און רויבער וועט עס ווערן?
און קיין פאגראמען אויף יידן וועט עס ניט מאכן?

אברהם צעלאכט זיך הויך אויפן קול:

— זיין וועט עס, נאר לויט די רייד פון אן אנדער
ישעיהען, דעם אמאליקן, דעם געניאלן ישעיהען... און
דערווייל, ביי דעם בלוטיקן לאנג־לאנגן דערווייל
שטייען פאר דעם יידישן פאלק אין רוסלאנד צוויי אויס־
וועגן: איינער, ישעיה הנביאס — באהאלט זיך אויס,
מיין פאלק, אין דיינע קאמערן, ביז דער צארן וועט
אריבער, מיט אנדערע, מיט אונדזערע ווערטער גע־
רעדט, בלייבן ליגן געקוילעט פון רוסישע מערדערשע
הענט פון דעם רוסישן האק, און דער אנדער אויסוועג,
דער אונדזעריקער, פונעם הארעפאשנעם יידישן פאלק:
די ביקס, געקלעמט מיט דער גראבער, מאזאליקער,
הארעפאשנער דלאניע, ווען מען באפאלט. און אין

דער שטיל טאג איין, טאג אויס מוטיקן דאס הארץ מיט די פינף הארעפאשנע יידישע געבאטן; א ייד בין איך, א מענטש בין איך, אן ארבעטס־מאן בין איך, א פאלקס־מאן בין איך, א פריינשאפטס־מאן בין איך. בלויז דאס הארעפאשנע יידישע פאלק טראגט אין זיין הארצן אט די געבאטן און גייט מיט זיי זיין לעבן און וועט גיין לאנג־לאנגע דורות פארויס.

אברהם שטייט אויפגעברויזט, דערהויבן די רעכטע האנט. — מיין הארעפאשנע יידישע פאלק! מיין שענסטע, מיין ערלעכסטע, מיין ווילסטע! גליקלעך בין איך, און איך דאנק דיר, וואס א זון בין איך דיינער! ביז מיין הויך דעם לעצטן איז מיין לעבן מיט דיר!

א שטיללע פארנאכטלעכקייט נעמט ארומזשוועבן אין אברהמס כאטקע און פארוועבט זיי מיט א לייכטער טונקעלער הילע. אברהם שטייט נאך אלץ אין מיטן שטוב, זיך צוגעהערט צו זיינע אייגענע געדאנקען. זיינע ליפן שעפטשען ארויס דאס ארויפגעקומענע אקארשט פון זיין הארצן:

— דעם פאלקס לעבן איז מיין לעבן! אן דעם פאלק בין איך גארנישט און קיינער!

די ווייב אברהמס, כיענע די שטילע, די מיט די גרויסע הארציקע טויבן־אויגן, צינדט א נאפט־לעמ־פעלע און שטעלט אים צום טיש. פארשווינדט די־

שטיל־אוונטיקע פארנאכטיקייט. א וואכעדיקייט שטייט אויף, א זאכלעכע, א טועגדיקע.

און דא גלייך פאלן אריין צו אברהמען דרייען, איי־נער נאך איינעם: אהרן דער בויער, בונים און מענדל דער סטאליער. מיט אים, מיט אברהמען, רעדט זיך בעסער אראפ פון הארצן, און עס לייגן זיך גלייכער אויפן שכל די צערודערטע געדאנקען די אויפגעקלע־טערטע נאכן פאגראם.

— ביקסן האבן אונדז גוט געדינט קעגן מערדער און ראבירער. — צעשטערט די צעאטעמטע שטילקייט אהרן דער בויער. — די בעסטע רפואה צום רוסישן פאלק איז דערלאנגען אים איבער די ביינער. אטשוכעט ער זיך גלייך. א שאד, וואס מיין חבר ישעיה איז ניט געווען צו דער האנט. מען וואלט אים באדארפט אויס־ריכטן צו די פאגראמלייט מיט א פריינדשאפט־שליחות, ווען זיי זיינען געגאנגען מיט די צעפאכעטע העק און פרענטן צו אונדז.

— זיי וואלטן אים דעם ערשטן פלעטן דעם קאפ. — רופט זיך אפ אברהם.

— היינט מאכט מען גארנישט מיט פריינדשאפט, ווען דאס רוסישע פאלק איז צערייצט און צעצארנט און פאראָרעמט דורך דער מאנארכיע. — רופט זיך אפ נאך א לאנגן שווייגן בונים. — אנקומען וועט די סאציאלע רעוואלוציע און אויסלייזן וועט און אויס־גלייכן וועט דאס רוסישע פאלק, ווי אויך אלע פעלקער

פון רוסלאנד און ברענגען אלעמען צו א ווילשטאנד. נייע, יונגע דורות רוסישע וועלן אויפשטיין, וועט זיך אויסנעמען די פיינטשאפט צו יידן. דא וועט נעמען דער סוף צו דעם בלוטיקן יידישן וועג. דא וועט אויפ־שטיין דער אנהייב פון דעם שטראלנדיקן יידישן אויסוועג.

דער שטילער בונים איז אליין צעשטראלט פון זיין אייגענעם ווארט. די פארבענקטע אויגן זיינע האבן א ווײַלינקע פארטריבן די בענקשאפט פון זיך, און א הארציקע פרייד האט זיך צעשוועבט איבער זיי.

— הלואי וואלט עס אמת געווען! — זאגט אהרן.

— און דערווייל, בונים? זאל מען זיך לאזן באפאלן און געקוילעט ווערן פון היינטיקע רוסישע מערדער? א, בונם, איך פרעג דיך?

— היינט, — רופט זיך אפּ בונים, — האלטן די ביקס דארף מען היינט, וועט מען אונדז האלטן פאר מענטשן און גוט זיך באטראכטן, איידער צו באפאלן אונדז.

און נאך א ווײַלע שווייגן זאגט בונים גלייך ווי פארזיך:

— די סאציאלע רעוואלוציע וועט פארטרייבן אויך דעם יידישן באלעגוף, דעם פאבריקאנט און דעם סוחר, וואס ציט ארויס דעם קליאק פון די ביינער סיי ביי דעם יידישן הארעפּאשניק און סיי ביי דעם רוסישן, און דער שולדיקער בלייבט דערביי דער ייד דער

הארעפאשניק, און מיט יידישן בלוט באצאלט ער פאר דער רוסישער פיינטשאפט.

— האסט ארויסגעכאפט מיינע געדאנקען, בונים. — זאגט אברהם.

און זיך צעשמייכלט א ביסל, זאגט ווידער אברהם:

— בונים! און נאך דער סאציאלער רעוואלוציע, וועט אויסגלייכן וועלן זיך אלע פעלקער, און עס וועט קומען צו איין שפראך און צו איינע אינטערעסן, וועלן יידן בלייבן יידן, און דאס יידישע פאלק וועט בלייבן א יידישנע? ווי מיינסטו, בונים א?

— איך האלט מיט דיר, אברהם. — ענטפערט בונים.

— א ייד איז געגליכן צו א צוואק: וואס מער מען שלאגט איבער זיין קאפ, אלץ טיפער דרינגט אין אים די יידישקייט אריין. ביז יידן וועלן געשלאגן ווערן אלס יידן, וועלן זיי בלייבן יידן, און נאכמער געלייטערט און מענטשלעכער וועלן זיי ווערן. און א פאלק וועלן בלייבן יידן א יידישע, ווייל עס וועט זיי באהעפטן די געמיינזאמקייט-קראפט פון אלט-יידישער ירושה, פון אינאיינעם צו זיין ביי נויט און ביי פרייד, און ביי פיין און ביי שיין.

— איר בלאנדזעט ביידע ארום מיט אייער אייגענעם טרוים, וואס איר אליין האט אים אויסגעבויט. — פאלט אריין אין די רייד מענדל, א מאך אוועק געטאן מיט דער האנט. — שוין דאס וויפלטע מאל שטיי איך אויף דעם, אז די אלטע רוסישע פיינטשאפט-ירושה צו יידן

וועט דאס רוסישע פאלק טראגן לאנג־לאנגע דורות נאך און נאך, אפילו נאך דער סאציאלער רעוואלוציע, וואס איר פארהאפט אויף איר. נאציאנאלע אונטער־דריקונג, געזעלשאפטלעכער אומרעכט און פאגראמען — דאס וועט זיין דער גורלדיקער וועג פונעם יידישן פאלק אין רוסלאנד. אזא און ניט קיין אנדערער וועט ער זיין, דער אלטער און אייביק נייער יידישער וועג. איך זאג אייך דאס וויפלטע מאל:

— באזינט זיך! ראטעווען דארף מען דאס יידישע פאלק! ארויסראטעווען אים פון רוסלאנד! ברענגען דארף מען אים צו אונדזער אלט־נייעם היימלאנד, און פריי און יידיש־מענטשלעך זאל זיך דאס פאלק אויסלעבן דארטן!

— שוין געהערט, געהערט האבן מיר דאס פון דיין מויל, מענדל! — שלאגט אים איבער אהרן. — דער וועג איז פאר קיינעם ניט פארהאקט. רוף דאס פאלק, און זאל עס גיין מיט דיר און נאך דיר פוסטריט. און ראנגל זיך דארטן קעגן פאגראמען פון די שכנים, און שאף זיך דארטן א געזעלשאפט פון גאלע יושר און גערעכטיקייט, און ציען וועט איר צו זיך אין לאנד אריין אלע פופצן מיליאנען יידן פון דער גארער וועלט, און דערמיט וועט איר ברענגען די גאולה אויף יידן נאך איידער משיח וועט קומען. און מיר, די סלאבאד־קער יידן, וועלן זיך ניט שפעטיקן צו קומען צו אייך.

— אויף אלעם גרייטן ווילסטו קומען, אהרן? אזא

חכם ביזטו? — ענטפערט מענדל איראניש און דאך פארדראסיק. — גיין דארף מען זיך לאזן מעבדות לחירות, דעראבערן דארף מען דאס לאנד און בויען און שאפן, ווי מען בויט זיך אן אייגענע היים, אן אייגענע כאטע.

— איז וואס איז די מניעה, מענדל? — ענטפערט אהרן. — אט שטייט פאר דיר גאנץ סלאבאדקע. רוף צו זיי, וועלן זיי גלייך גיין נאך דיר.

— צו א ניי לאנד קומען די ערשטע צוגיין די יונגע, די טרוימער. — רופט זיך אפ אברהם. — דאס פאלק דארף אנטאפן מיט די הענט און מיט די פיס, און ערשט דעמאלט נעמט עס גלויבן און פאלגן און טאן. און הלואי זאל קומען צו דעם, אז דאס ידישע פאלק אין רוסלאנד זאל טאקע נעמען גלויבן און פאלגן און טאן. דאס יונג־יידישע פאלק אין דעם אלט־נייעם לאנד דארף ברענגען צו דעם גלויבן דאס יידישע פאלק.

## 7

אהרן דער בויער שעפט נחת פון זיין געזינדל. א קלייניקייט: זעקס יינגלעך האט אים געשאנקען די ווייב זיינע ירוחמה, און אלע זיינען זיי אין אים געראטן, קאפענע ער: הויכינקע, ברייטלעכע, און אלע מיט א בייז־ברוגזל אונטער די געדיכטע שווארצע ברעמען. און ווען צעשמייכלט זיינען זיי, צעשיינען

זיך ברייט זייערע גרויסע שווארצע אויגן מיט הארצי־קער אויפריכטיקער ליבשאפט. קוקט זיי אן די מאמע ירוחמה אלע זין אירע, פרעגלט זיך פאר פרייד און ווארפט אויף ברוגזלעך אהרענען:

— אלע דיינע זיינען זיי!

ענטפערט איר אהרן צעשמייכלט:

— א קאפעטשקע דיינע אויך, ירוחמהעלנע. דיין געלעכטערל פון גוטן הארצן אראפ, און דיין ביטער שמייכעלע.

די מלחמה האט זיי ניט אנגערירט: יונג זיינען זיי געווען. נאך ניט דערגאנגען מיט די יארן. אבער וואס שייך ארבעט, האבן שוין די עלטערע דרייען, שלומקע, שלומהעלע און שימעלע, געארבעט פאר לערן־יינגלעך ביי נחומען דעם קופערשמיד, שוין אפלערנענדיק זיך פיר יאר ביי אברהם דעם לערער אין זיין ידישער פאלקס־שול. זיי, די עלטערע דרייען, האבן שוין אריינגעבראכט אין שטוב צו טאַטע־מאמען זייערע יינגלשע ערשט פארדינטע עטלעכע רובל, און גרויס איז געווען זייער שטאלץ דערמיט.

און נאכמער שטאלץ מיט די קינדער איז דער טאַטע אליין. עטלעכע רובל, א צוגאב צום קארענעם ברויט מיט בולבע און הערינג־ראסל, האבן וואס צו זאגן. אבער ניט דאס איז דער עיקר. דעם טאטנס הארץ האט אנגעקוואלן, וואס די קינדער גייען איינס מיט אים. צוו ווארמעס, ווען מען שיילט די העמדלעך

אראפ פון דער זודיקער בולבע, מען בלאזט אויף די פינגער דערביי, און געטונקט אין זאלץ, און מען רייבט די בולבע אריין מיט די ווייסע פערלדיקע ציין, טענהען נאכאנאנד די קינדער, און שלומקע צעקאכט זיך דער ערשטער:

— טאטע! פארוואס זאל דאס זיין אזוי? פארוואס זאל מען באקריוודען א באלמעלאכעס א קינד?!

— טאטע! — פרעגט דער ייגנערער, שלמהעלע:

— פארוואס גייען ארום לײדיק דעם גבירס זינדלעך, פוסט און פאס, אפגעפרעסענע ווי די חזירים, און מיר, די ארבעטער־יינגלעך, גייען ארום קרועה־בלועה ווי די בעטלער?!

אהרן כאפט אויף די זינס רייד, צעשמייכלט זיך ברייט, און עס פאלט אים אין הארצן אריין צו זיין אייגענעם ווערטל:

— פארוואס זאל דאס זיין אזוי?

און ער ענטפערט די קינדער:

— ביז א צייט וועט דאס זיין אזוי, און ניט אייביק. מענטשן וועלן זיך אויסגלייכן אלע.

און דערנאך, שפעטער, ווען געקומען זיינען די באלשעוויקעס און געווארן באלעבאטים אין לאנד, האט זיך אהרן דערוווסט, אז דער בכור זיינער, שלומקע, האט זיך איזניוכעט מיט די קאמסאמאלן און פארברענגט מיט זיי גאנצענע אוונטן. אהיים צו טאטע־מאמען קומט ע צוליב איבערכאפן עפעס. פאר דעם

טאטן דערציילט שלומקע גארנישט פון זיין חברה, און וואס איז זיין טואונג דארטן.

— קיין גזלנים זיינען זיי דאך ניט. — זאגט אהרן צו ירוחמהען, צו דער מאמען, — און דאך רוט מיר ניט מיין הארץ: פארוואס זאל א יידיש קינד זיך ארומ־שלעפן מיט שקצים? וואס וועט ער זיך אפלערנען פון זיי?

ירוחמה קערט אפ די אויגן, פארלאפענע מיט טרערן, און זאגט: — אן איבערגאנג: קאמסאמאלן! עס זאל צו עפעס ניט אויסגיין...

איינמאל קומט שלומקע אהיים אוונטצייט, דרייט זיך ארום איבערן שטוב, די בליקן פארבארגן אונטער די ברעמען. כאפט אויף דער טאטע אהרן, אז מיטן יינגל איז עפעס ניט גלאטיק. קוקט ער און קוקט אהרן צום זון אוןווארט וואס וועט יענער אים זאגן.

— טאטע! — רופט זיך אפ שלומקע. — איך גיי אוועק אויפן פראנט, זיך שלאגן מיט די ווייסגווארדיי־צעס און פאר די סאוועטן און פאר קאמוניזם און קעגן די בורזשויעס.

שווייגן געבליבן איז אהרן, א נידערדערשלאגענער. עס האט אים אין הארצן א זעץ געטאן עפעס מיטאמאל.

— פון יידן גייסטו אוועק צו די סאוועטן? — ציטערט אויף אהרנס שטים. — די סאוועטן האבן הילף געבראכט פאר יידן: געראטעוועט יידן פון גוישער פיינטשאפט? ארבעט פאר יידן האבן זיי

געבראכט? מיט א גוט ווארט געקומען צו יידן זיינען זיי, די סאוועטן?

— אלע זיינען גלייכע, טאטע, יידן און קריסטן, און פאר אלעמען גלייך זארגן די סאוועטן. — ענטפערט שלומקע, ניט געקוקט דעם טאטן אין די אויגן אריין.

— גלייכע, זאגסטו?! — דערווידערט דער טאטע צערודערט.

שלומקע האט זיך ניט געזעגנט מיטן טאטן און מאמען און ניט מיט די ברידער און איז אוועק.

די מאמע ירוחמה האט געזעען צו פארבארגן פונעם טאטן אירע טרערן. דער טאטע אהרן איז ארומגע־גאנגען א נידערשלאגענער, א שווייגנדיקער.

— פארוואס גייט אוועק א יידיש קינד פון יידן און צו גוים?! — באקלאגט זיך אהרן פאר ירוחמהען. — פארוואס גיין זיך שלאגן פאר די סאוועטן און ניט פאר באלמעלאכעס?! די קאמסאמעלן האבן אים איבערגערעדט, און מיר האבן געשוויגן צו אים.

— זיין ערלעכע הארץ האט גערעדט צו אים פיל שטארקער, ווי די קאמסאמאלן. — רופט זיך אפ ירוחמה. — אונדזער ארעמקייט האט גערעדט צו אים מיט א קעגנער־גערוף: גיין זיך שלאגן מיט די גבירים, און אט דער גערוף האט אין אים פארבלענדט דעם יידישן גערוף. זעט אויס, ארעמקייט שרייט שטארקער פון יידישקייט. יידישקייט מאנט מיט הארץ, און ארעמקייט מיטן מאָגן.

— ביסט כמעט ביי דעם אמת, ירוחמהעלע. — ענטפערט אהרן.

נאך ניט פארגאנגען איז דער ערשטער קלאפּ אין הארצן ביי טאטע און מאמע פון שלומקעס אוועקגיין אויפן פראנט, פאלט אן א צווייטער קלאפּ: שלמהעלע און שימעלע,ביידע פאראמאל, גלייך ווי אפגערעדט צווישנאנאנד, זאגן ביי וואַרמעס עסן:

— וואס וועלן מיר אויסזיצן דא, אין סלאבאדקע? יינגלעך פארן אוועק אין צענטער אריין, זיי קומען צו גרעסערער ארבעט, זיי נעמען זיך צו דער לערע, ווערן שטיקלעך מענטשן. און מיר וואס? פיילן און שלייפן ביי דעם קופערשמיד און בלייבן קליינשטעטלדיקע יונגען? — זאגט שלמהעלע.

— ערגערמאכן פון סלאבאדקע וועלן מיר ניט. — רופט זיך אפּ שימעלע. — וואס קען שוין זיין ערגער?

אהרענען האט אויפגעבראכט מיטאמאל.

— וואס: אנטלויפן פון דער היים?! לויפן פאנגען גאלדענע קאטשקעס האט זיך אייך פארגלוסט? מיט פרעמדן שווייס שארן געלט מיט די לאפעטעס? אויף יידן פארגעסן?

— ניין טאטע. — ענטפערט שלמהלע. — מיר ווארפן ברעקלעך, און מיר גייען זוכן ברויט. און דער עיקר: לערנען זיך, אט ווי די גבירישע קינדער טוען.

שווייגט אהרן. און ווען געזעצט האט זיך א ביסעלע דער צארן זיינער, פרעגט ער:

— אז קינדער פארלאזן זייערע טאטעס און מאמעס, ביי וועמען וועט בלייבן דאס שטעטל אונדזערע? ביי די אלטע לייט? און ווען די אלטע וועלן אויסגיין, וועלן שטעטלעך בלייבן פוסט? און וואס וועט זיין מיט די אנטלאפענע קינדער? דא אין שטעטל איז מען אינאיינעם מיט יידן, און יידן איז מען. דארטן, אין די גרויסע שטעט, וועלן די יידישע קינדער זיין מיט די גוים אינאיינעם. צי וועלן זיי בלייבן דארטן יידן? איז, הייסט עס, אויס יידישע פאָלק וועט עס זיין?

— איך ווייס ניט, טאטע, וואס מיטן שטעטל וועט זיין, — ענטפערט שלמהעלע, — אין שטאט צווישן גוים וועלן מיר סייוויסיי פארבלייבן יידן. און מיט באלמעלאכישע הערצער. און מיט יידישע נשמות. עס איז דען דא א כוח, וואס זאל עס אוועקנעמען ביי אונדז?

— און אברהם דער לערער האט אונדז דערקלערט, — זאגט שימעלע, — אז אין שטאט וועט אונדז נאכיאגן רוסישע פיינטשאפט, און פארטרייבן וועט זי אונדז, און מיר, די פון רוסישער פיינטשאפט פארטריבענע, וועלן מוזן זיין יידן, מעג זיין אין א גוישן קלייד. מיר גלויבן אין אברהמס ווארט.

דער טאטע אהרן זיפצט אפ.

— אויס שטעטל! עס צעקריכט און צעפויזעט איבער דער גארער וועלט. און וואס איז א יידיש פאלק, ווען ניט אינאיינעם?

— טאטע! — רופט זיך אפ שלמהעלע. — איצט וועט זיין יעדער ייד גליך צו א פאלק. אין הארצן ביי זיך וועט ער זיין געגליכן צו א גאנצן פאלק. ווען א ייד וועט זיין עלנט און איינזאם אינדרויסן, וועט ער זוכן אין זיך אליין דאס יידישע פאלק. און דערוואַרעמען זיין נשמה וועט עס אים, ביז ער טרעפט א צווייטן צו זיך.

— דערווייל טרייבט אונדז די מאכט צו איין פאלק מיט די גוים אינאיינעם. קיבוצארניעס געמאכט: אלע שניידער אינאיינעם, אלע שוסטער אינאיינעם. ארבעט פאר אלעמען גלייך, און ליידיקגיין אלעמען גלייך. א פאר גראשן פאר אלעמען גלייך, און קיין קנאה און קיין שנאה זאל ניט זיין צווישן יידן און גוים. א לוסטע ברטעט, או זוואסער האסטו אין ברונעם אומזיסטע.

— טאטע ליבינקער! — רופט זיך אפ שימעלע. — זארג ניט! העלפט אויף העלפט וועלן מיר טיילן אונדזער פארדינסט מיט אייךביידן.

## 8

געבליבן איז אהרן דער בויער ביי די לעצטע דריי זין זיינע, מאיר, מאטל און מיכל.

געציטערט איבער יעדן איינעם האט ער, גלייך ווי איבער אפגעראטעוועטע פון א שווערן קרענק. אפט מאל

האט ער זיך באַכגעפרעגט ביי אברהם דעם לערער, ווי-
אַזוי גייט עס צו די לערע ביי די קינדער, און אפשר
איז גלייכער צו טאָן עפעס פאַר זיי און אוועקגעבן צו
דער ארבעט און זעען ווי ווייט מעגלעך, ניט פאַרלאָזן
זאָלן זיי דאָס שטעטל. און ניט פאַלן דאָרטן אין דעם
גרויסן ים אַריין צווישן די גוים, און עס זאָל זיי מער
אָרן פאַר יידן און פאַר פּראָסטע באַלמעלאָכעס.

— דער עלטערער מיינער איז אוועק מיט די באַל-
שעוויקעס, און ווער ווייס, וווּ זיין געביין איז ליגן
געבליבן. די ייִנגערע צוויי, וואָס נאָך אים, זיינען
אוועק אין שטאָט, און ווער ווייס זיי, מיט וועמען זיי
וועלן האַלטן דאָרטן. אויך מסתמא מיט די באַלשע-
וויקעס. איז לכל הפחות, זאָלן די ייִנגערע דריי יינגלעך
שטיין פאַר יידן. און וויאַזוי צו טאָן מיט זיי, ווייסטו
בעסער, אברהם.

— דעם עלטערן דיינעם, שלומקען, האָט אוועקגע-
רופן זיין ערלעכע יוגנט-נאַטור, גיין אַרויסזוואַליען די
וועלט פון אָרעמקייט און שקלאַפעריי, און אַלעמען,
סיי יידן סיי קריסטן גלייך. צו אַפּעגער יידישקייט האָט
ער נאָך ניט באַוויזן צו קומען. דאָס איז ביי אים טיף
אין זיין האַרצן ליגן געבליבן. אָפּענע יידישקייט קומט
פון האַרצן אַרויס דורכן מוח אָדער דורך קלעפּ פון
גוים. יידישקייט איז דער בייער געפיל צו גיין מיטן
יידישן פאָלק אינאיינעם, טראָגן מיט ליבשאַפט און
צאָרן דעם פאָלקישן ליידן און פּיין, מיט לייב און

לעבן זיך איינשטעלן פאר א יידן און פארן יידישן פאלק, און ארויסברענגען צום פאלק און צו דער וועלט דעם יידישן שטאלץ, — צו אט דער יידישקייט האט שלומקע נאך ניט באוויזן צו גרייכן. און די אוועקגעגאנגענע דיינע די צוויי וועלן זיך ראנגלען אין דעם גרויסן שטאטישן מענטשן-געוויסער און איבער פארשיידענע כוואליעס, און צופאלן וועלן זיי דאך צו דעם יידישן ברעג, מעג זיין געליטענע און דאך געלייטערטע. קיין אנדער אויסוועג, אויסער דעם פאלקישן ברעג, האט ניט קיין שום ייד. זיין הארץ און נשמה וועלן אים רופן דערצו.

— און פון די יינגערע דיינע די דרייען וועסטו נחת קלייבן, אהרן. — זאגט ווייטער אברהם. — מאירל, דער עלטערער, איז א יינגל מיט אן אפענעם מוח. ער באנעמט גיך, פארגעדענקט אלץ, און דער עיקר: דער קאפ זיינער טראגט אים צו באטראכטן אליין אלדאס געהערטע, געזעענע און געלערנטע, און צום ברענגען אלץ און אלעם צו א קלארן אנטשייד און צום זוכן אן ענטפער אויף דעם. א קאפ פון א דענקער פארמאגט מאירל דיינער.

— פאר א לערער וויל איך אים מאכן אין מיין שול. — זאגט ווידער אברהם. — סלאבאדקער קינדער לערנען זאל ער, און צו באלמעלאכישע טאטעס און מאמעס קומען מיט א ליבהארציקן טרייסט-ווארט פון דעם יידישן אמאל און פונעם באלמעלאכישן היינט.

מאירל איז ווערט א פאלקס-לערער צו זיין. מיין שול-קנעלונג וועל איך אפגעבן פאר אים.

— דער מיטעלער פון דיינע דריי יינגערע יינגלעך, מאטעלע, גייט שוין ארום מיטן יוגנט-בונד, און ער רעדט שוין אינעם נאמען פונעם ארבעטער-קלאס וועגן קלאסן-קאמף. גלייך א פארטיקער קעמפער איז ער שוין. ער גייט ארום שטארק און שטאלץ מיט זיין בונדיזם, מאטעלע, און די האנט האט אויף אים בונים.

— און דער מיזיניקל דיינער, מיכעלע, איז גאר עפעס אנדערש א יינגל, גאר פון אן אנדער טייג געקנאטן איז ער. א טרוימער איז דיין מיכעלע. עס רירן אים אלטערטימלעכע יידישע געשיכטן פון תנך. דאס היינטיקע יידישע פאלק מיט זיין ליידן און פיין גייט אים ניט אן. און איך, דער לערער און דערציער, האב ניט געוואלט צעשטערן ביי מיכעלען די ראמאנ-טישע שיינקייט אין זיין הארץ און נשמה, און איך האב אים איבערגעלאזט ביי זיין טרוים, וואס דערהייבט אים און קוויקט אים. אויסגעבונדן איז מיכעלע מיט מענדל דעם סטאליער און מיט זיין ציוניסטישן קרייז. עס וואקסט פון אים א ציוניסט מיט א שטילן און ליכטיקן פלאם, א מענטש מיט אויפריכטיקער ערלעכ-קייט, מיט לייב און לעבן, מיט גוף און נשמה איבער געגעבן.

— אט דאס זיינען דיינע דריי יינגלעך, אהרן. — פארענדיקט אברהם דערציילן.

א לאנגע ווײלע בלײבט אהרן שווער טראכטן.

— איך זע נאר אײנס: — רופט ער זיך אפּ צו אברהמען. — ײדן װעלן זײ זײן, און פאר ײדן װעלן זײ שטײן. און די דרײ װעגן זײערע, די לעבנס װעגן, איז װער װײס, אברהם, װער פון זײ װעט זײן דער גליקלעכער מיט זײן װעג און מיט זײן אויסװעג. איך װײס נאר אײנס, אז דער, װאס װעט גײן מיטן פאלק, דער װעט ניט בלאנדזשען, װײל א פאלק בלאנדזשעט ניט. א פאלק נעמט זײן װעג מיט אנפרעגן זיך צוערשט בײם הארץ און בײם קאפּ בײ זײנעם.

און באלד זיך געכאפּט צו א נײעם געדאנק, זאגט אהרן:

— אברהם! דו אלײן האסט דערצײלט פון אמאל, אז דאס ײדישע פאלק אין אוקראינע האט זיך געלאזט פארפירן פון א פאלשן פירער און געקומען דעריבער צו א מפּלה. װיאזוי האט דאס געקענט געשען, אז דאס פאלק זאל גלויבן אין פוסטע רײד?

— און אין כמעלניצקיס צײטן, — לאזט ניט אפּ אהרן, — װער האט געפירט דאס ײדישע פאלק און ניט גערופן די הונדערט טױזנט יונגע און שטארקע פונעם ײדישן פאלק זיך קעגנצושטעלן מיט שװערד און מיט העק און מיט פרענטן צו די דרײ טױזנט קאזאקן? װער האט גערופן ײדן לײגן דעם קאפּ צו דער קאזאקישער שװערד? דאס זאלן האבן געטאן די רבנים און געלאזט ײדן גײן אויף קידוש השם?

— ניין, אברהם! — טוט אהרן א זעץ מיטן קולאק איבערן טיש. — א וועג איז א וועג, און דאס ייִדישע פאלק, דאס פראסטע, דאס הארעפאשנע, איז דער איינציקער כוח. און אונטערוועגנס דארף דאס פאלק זיין באוואפנט מיטן קרעפטיקן ווילן און מוטיקן דראנג צום לעבן און צו באשיצן דאס לעבן, ווען אפילו מיט שווערד, נאך דעם, ווען עס העלפט ניט קיין פריינד־שאפט.

— און צו זיין אויסגעגלייכט אין בירגער־רעכט האסטו א מיטל, אהרן? — פרעגט אברהם. — און ייִדן זאל מען לאזן זיך אויסלעבן אלס ייִדישע פאלק האסטו אן עצה, אהרן?

— מילא, איך, א פראסטער באלמעלאכע. — ענט־פערט אהרן. — אט האט בונים דער בונדיסט, דער באוווסטזיניקער, געטענהעט, אז די סאציאלע רעווא־לוציע וועט ברענגען די גאולה אויף ייִדן. איז זי אריינגעפארן, די סאציאלע רעוואלוציע, און טאקע אויסגעגלייכט ייִדן מיט גוים אין די קיבוצארניעס און שוין. און פון א פאגראם בין איך נאך דערווייל ניט געזיכערט.

און נאך א ווײַלע שווערן שווייגן זאגט ווידער אהרן:

— איז וואס זשע: עס בלייבט פארענטפערט מענדל דעם סטאליערס רוף?

מיליאנען ייִדן פון רוסלאנד זאלן זיך לאזן גיין קיין

ארץ ישראל? און דאס זאל זיין דער וועג און דער אויסוועג דער איינציקער אונדזערער? אבער מיין הארץ און מיין קאפ טראגט ניט דערצו. און ווען מען פרעגט היינט סלאבאדקער יידן דערפון, וועלן זיי ענטפערן דאס אייגענע. איך בין זיכער, אז יא.

— אברהם, איך טראכט: — זאגט ווידער אהרן. — אפשר קוקן מיר ניט אין דעם ווייטן ארײַן: וואס וועט קומען צום יידישן פאלק דא, אין רוסלאנד, ווען עס וועט אנגיין אט אזוי, ווי איצט? אויסראטן וועט מען אים. בלייבט נאר איינס: זיך ראטעווען? א, אברהם? זיך לאזן גיין קיין ארץ ישראל?

— יידן האבן זינט קארגע טויזנט יאר ווארצלען געשלאגן אין דער סלאווישער ערד. דא א נייעם לעבן געבויט, אן אייגנארטיקן, א יידיש־נאציאנאלן, א זעלבסטשטענדיקן, אן אומאפהענגיקן פון דער אור־אלטער ביבלישער ירושה, א נייעם עקאנאמישן לעבן אויסגעבויט, א פולשטענדיק נייע קולטור געשאפן, אומגלייך צו דער ביבלישער קולטור, א נייע שפראך געשאפן, אן אומענלעכע מיט דער ביבלישער שפראך, נייע פראכטפולע יידיש־נאציאנאלע קולטור־ווערק גע־שאפן, אומענלעכע מיט די ביבל־ווערק און דער ביבל־קולטור, מיט איין ווארט: געשאפן זיך א פאלקישע היים א מאטעריעלע און א גייסטיקע, א מאראליש־דערהויבונג, א יידיש־נאציאנאלע און א פאלקישע דערביי. איז וואס פאר א גרונט איז אנצורופן א

טויזנטיאריקע היימלאנד מיטן נאמען ״גלות״? אז דאס הארעפאשנע יידישע פאלק טראכט בכלל ניט וועגן ארץ ישראל, און דערמאנט זיך אויף אים איין מאל ביים דאוונען און א צווייטן מאל פסח צום סדר אפריכטן. און שוין.

אברהם כאפט אטעם א ווײַלע.

— מאל דיר, אהרן: ווען הײַנט איז אין רוסלאנד אן עכט־דעמאקראטישע ארדענונג מיט פולשטענדיקע רעכט פאר יידן, בירגערלעכע, נאציאנאלע, קולטורעלע, גייסטיקע, וואלטן יידן געטראכט אוועקצוגיין קיין ארץ ישראל?

— קיינמאל ניט. — רופט זיך אפ אהרן קאטעגאריש.

— אהרן! — פרעגט גלײַך אברהם. — ליגט דען ניט דער אויסוועג פארן יידישן פאלק דא גופא, אין רוסלאנד און אין דעראבערן דא פולשטענדיקע רעכט פאר יידן?

— יא! — ענטפערט אהרן באדאכט. — אבער ווען וועט עס קומען, די פולשטענדיקע גלײַכבארעכטיקונג? און דערווײַל? זעט אויס, לאנג און בלוטיק וועט צוגיין דער ״דערווײַל״.

— ביי דעם סאוועטישן ״דערווײַל״ לעבט זיך אויס גאנץ רוסלאנד. — ענטפערט אברהם. — און רוסלאנד איז זיכער, אז אן עק וועט נעמען צו א דעם ״דער־ווײַל״.

# 9

אברהמס יידישע פיר־יאריקע פאלקס־שול איז דער־הויבן געווארן צו א מלוכישער סאוועטישער זיבנ־יאריקער מיטלשול מיט העכער צוויי הונדערט סלא־באדקער קינדער און מיט זיבן לערער און לערערקעס. די גרויסע שטוב דעם אלטן שענקערס דעם פאר־שטארבענעם האט אהרן דער בויער מיט זיין חבר ישעיהען איבערגעבויט, געשאפן זיבן באזונדערע קלאס־צימערן, טאוולען געמאכט, די לאדנס באפארבט, און איבער דער דרויסנדיקער טיר צוגעקלאפט א שילד, געמאלט מיט גרויסע יידישע אותיות: סלאבאדקער סאוועטישע מלוכישע יידישע זיבניאריקע שול. צו חנוכת הבית פון דער נייער שול האבן סלאבאדקער טאטעס און מאמעס אריינגעבראכט פאר די הענטלעך זייערע קינדער פון די חדרים און תלמוד תורה ארויס צו אברהמען אין זיין שול אריין.

אויפגעלעבט האט סלאבאדקע מיט דער נייער יידי־שער שול. צונויפגענומען די געבראכטע קינדערלעך אינעם געראמען און אויפגעראמטן שול־הויף, האט די לערערקע רחל געשאפן פון זיי צוויי קאראהאדן, איינעם אין דעם צווייטן, באהעפט די קינדערלעך פאר די הענטלעך איינעם מיטן אנדערן, און אליין זיך גענו־מען אינמיטן. זיך צערעדלט און צעטאנצט האבן די קאראהאדן און זיך צעזונגען איבער גאנץ סלאבאדקע:

— לאמיר אלע אינאײנעם, אינאײנעם
אונדזער שול מקבל פנים זײַן.
לאמיר אלע אינאײנעם, אינאײנעם
פרײלעך זײַן.

מאמעס באקוקן די צעשטראלטע קינדערשע אויגן, די געצוואגענע קעפלעך און די ציכטיקע בגדימלעך און װישן טרערן פאר פרייד.

— אויב באשערט איז אונדז בײז, זאל דאס צו אונדז אויסגײן און ניט צו די קינדער צו אונדזערע. — רופט זיך אפ א מאמע.

— הלואי! — רופט זיך אפ א צװײטע מאמע.

ביים לערנען אין די קלאסן איז שא־שטיל, א פליג הערט מען זשומען. און ביי די הפסקות גײט די שול כאדאראם אװעק פון געזאנג און פון טענץ, קינדער מיט לערער און לערערקעס אינאײנעם.

שבת נאך װארמעס, װען ארײנגעכאפט האבן שוין סלאבאדקער באלמעלאכעס א געשמאקן דרעמל מיט א כראפ און א פײַף און געלאזט אויסרוען די ביינער זײַערע פון א גאנצער װאך הארעװאניע, קומען טאטעס און מאמעס צו אברהמען אין זײַן שול ארײַן. אװעקגעלאזט האט מען דעם באלמעלאכישן מנין פאר די עטלעכע בטלנים. אין דעם געראמען קינדערשן פארװײלונגס־צימער זעצן זיך אויס אינאײנעם מאנסביל און װײבער מיטן פנים צו אברהמס טישל. אברהם לאזט זיך ניט

לאנג בעטן און נעמט דערציילן ביי א פראסטן הארציקן שמועס די נייעס פון דער וואך, און וויאזוי עס לעבן זיך אויס יידן אין שטעט און שטעטלעך און אין דער גארער וועלט, נייעס פון יידישע צייטונגען און זשורנאלן. פרעגן זיך נאך באלמעלאכעס אויף אלץ און אויף אלעם, און פארוואס זאל דאס זיין אזוי, און פארוואס ניט אנדערש, און זיי זוכן אן ענטפער פון אברהמען, און ווען עס נעמען זיך אויס אלע טענות, לייענט פאר אברהם פון א יידישן ביכל א ליד אדער א דערציילונג. דעם הארציקן באלמעלאכישן שמועס צעשטערט מיטאמאל א כאפטעלע שול־קינדער, וואס לאזט זיך אריין אהערצו פון א זייטיקן צימער. זיי צעשטעלן זיך פאר די טאטעס און מאמעס און צעזינגען זיך יידישע לידער מיט א כאר.

פרעגלען זיך באלמעלאכישע הערצער פאר פרייד און קוועלן אן פאר נחת פון קינדער.

א יידישע הארץ און א געניטן אויג טראגט אברהם דער לערער צו זיינע תלמידים. ביי די לימודים און ביי די שמועסן אוןביים פארברענגען מיט די קינדער זוכט ער אויס נאכאנאנד פון צווישן זיי פאלקישן פערל, באלמעלאכישן ברויזנדיקן, מענטשלעך־הארציקן גע־דאנק, שפרודלדיקן געפיל און אויפבליץ פון יידישער נשמה, א הארץ־גערודער איבער באגאנגענעם אומרעכט צו א באלמעלאכע. אים, דעם לערער, שטייט שטענדיק פאר די אויגן און הארצן זיין חבר און פריינד אהרן

דער בויער מיט זיין שטורמיש־צערייצטן כאראקטער פון א קעמפער און פראטעסטאנט.

זיינען צוגעפאלן אברהמס בליקן און הארץ צו מאירקען, אהרן דעם בויערס מיטעלן זון. א הויכינקער, א שלאנקער, מיט ברייט־צעעפנטע, ליכטיקע, פרעגנ־דיקע אויגן אין ערגעץ ווייט אוועקגעשטראמטע בליקן, און א שטים א שטיל־הארציקע, וואס צערודערט און צעקאכט זיך א מאל פון עפעס אינווייניק אן אויפ־ברוך א פלוצלונג פארלאפענעם, האט מאירל גערופן צו זיך, און גלייך ווי געטרייסט האט זיין שטיל־הארציקווארט, און ווען פון צערודערטן הארץ, האט א צעקאכטע גערופן זיין שטים אין ערגעץ, צו בעסערס, צו וועעמן און זיך שטעלן פאר וועמען.

אלדאס געזעענע און געהערטע און געלייענטע איז ניט געבליבן ליגן שווייגנדיק אין זיין קאפ און הארץ, און באוועגט און גערירט און געארט האט עס אים, געשניטן מיט שטעך־מעסערס, ווען עס איז אים קעגן הארצן געווען, און א צערודערט גערוף: ״פארוואס זאל דאס זיין אזוי?״, און צערייצט די בליקן זיינע.

— ירושה! — טראכט אברהם דער לערער נאכ־פאלגנדיק מאירקען. — אהרן דעם בויערס ברויז און גערודער, און דער מאמע ירוחמהעס ליבשאפט צו לייטן. באלמעלאכישע מאמעס האבן זיך געוווּנטשן מאירקען פאר א חתן צו האבן פאר זייערע טעכטער און פארזיך געשעפטשעט:

— אזא קינד! אזא נחת! באשערט איז טאטע־מאמען!

אברהם דער לערער האט געפונען מאירקען און געצויגן אים צו זיך. אויסער ביכלעך פון דער שול־ביבליאטעק, האט אברהם געגעבן אים צום לייענען די געשיכטע פון יידן. ביי שמועסן אין עלטערן קלאס האט אברהם דערציילט פון געזעלשאפטלעכע שטרע־מונגען און בעוועגונגען ביי יידן פאר די לעצטע צייטן, געבונדן מיט היסטארישע געשעהענישן איבער דעם יידישן פאלק. און געקומען איז אברהם מיט זיינע שמועסן ביז צולעצט, ביז צום היינטיקן טאג. און ביי די לעצטע שמועסן זיינע האט אברהם געשטעלט דעם טראפ אויף דער גרונט־ריכטונג: ביי דעם גרויליקן יידישן וועג פונעם הארעפאשנעם יידישן פאלק זאל געזוכט ווערן דער אויסוועג פארן פאלק, פאר זיין לעבן, פאר זיין יידישן גייסט, פאר זיין קולטור. מענטשן פון יידישן פאלק דארפן ניט נאר גיין מיטן פאלק, נאר שטיין פארן פאלק.

ביי די שמועסן האט אברהם געזעען און געפילט, ווי עס פאלן זיינע רייד אין די טיפענישן אריין פון די יינגלשע הערצער. דער לערער אברהם האט גערעדט צו די קינדער פון טאטעס און מאמעס מויל.

געטרוימט האט אברהם דער לערער אויסצוהאדעווען מאירקען פאר א פארטרעטער צו זיך אין שול און צום פאלק. אלץ פארמאגט מאירקע אין זיך אויף צו זיין

אזא. און גראד האט זיך געמאכט באלד, אז א לערערקע זיינע מוז פארלאזן די שול. נעמט אברהם און שטעלט מאירקען צו פראקטיק צו דער לערערקע אויף די חדשים־צייט. און ווען אוועק איז די לערערקע, איז מאירקע צו א לערער געקומען אין דעם זעלביקן קלאס. מיט פרייד און מיט גרייטקייט האבן אים אויפגענומען די קינדער. געדוכט האט זיך, אז דער נייער לערער איז אן עלטערער קינד צווישן זיי. געלערנט האט ער זיי, געטאנצט און געשפרונגען מיט זיי ביי די הפסקות.

אברהם האט געפונען דעם ריכטיקן שול־פארטרעטער צו זיך. ער דארף אבער געפינען אויך דעם נייעם פאלקס־מענטש.

## 10

איין מאל אין יאר, אויף סוכות, קומען צו טאטע־מאמען אהיים דיביידע זין אהרן דעם בויערס זייער אורלויב צו פארווען. ריכטן זיך טאטע־מאמע אויף די קינדער: צוויי וואכן אינגאנצן קוקט מען זיי אן. דעם גאנצן יאר שרייבן זיי בריוולעך, די קינדער, אבער וואס לאזן הערן בריוולעך? מערנישט וואס מען איז געזונט און מען ארבעט אין דער פאבריק, און מען לערנט זיך אין אינסטיטוט אוונטנווייז נאך דער ארבעט. שווערלעך קומט עס אן אי ארבעטן, אי

לערנען זיך, און דאך גייט זיי נישקשה. אין יעדן בריוול ליגט בייגעלייגט א ביסל געלט, און אין יעדן בריוול פרעגן זיי זיך נאך, די קינדער, וואס מאכן טאטע־מאמע אין געזונט, און וואס מאכן די ברידערלעך.

מילא, בריוולעך זיינען בריוולעך, און אודאי דערפרייען זיי טאטע־מאמעס הערצער. אבער אהרן דעם בויער קלעקן ניט די בריוולעך. ער שעפט פון זיי גארנישט ארויס וועגן די קינדער: וואס זיינען זיי היינט פאר א מענטשן? דערוואקסענע זיינען זיי שוין. און וואס איז זייער וועג און זייער גאנג? און מיט וועמען גייען זיי: מיט ייִדן אדער מיט גוים, אדער מיטן קאמסאמאל? מיט עצות קומען צו דערוואקסענע קינדער היינטיקע צייטן איז דאך ניט שייך. וועלכע קינדער פאלגן עס היינטיקן טאג זייערע טאטעס צו גיין מיט א ייִדישן וועג?

און פון וועג געקומען און אין שטוב אריינגעפאלן צו טאטע־מאמעס ארעמס און קושן, און די מאמע האט אירע טרערן פון פרייד ניט באהאלטן, און ביידע באגלייך, טאטע און מאמע, האָבן ניט אפגענומען קיין אויג פון זייערע צוויי הויכע, שיינע, קרעפטיקע זין, וואס לערנען זיך אויף אינזשענערן צו זיין. טאטע־מאמעס הערצער פאסטאמפען ניט דעם גליק, דער קאפ הייבט זיך פון גדלות.

אויסגעזופט צו גלעזל טיי מיט א שטיקעלע הארטן צוקער האבן די ייִנגלעך און צוגעביסן מיט א

קארענעם פלעצל אויף מילך, וואס די מאמע האט צו זייער קומען געבאקט, נעמט דער טאטע פרעגן די זין:

— נו, פיין, זייער פיין: טאקערס זייט איר און סטודענטן זייט איר. נו, און... יידן זייט איר?

— אודאי און אודאי! — ענטפערן די ייִנגלעך. — מיר זיינען יידן אט ווי אלע יידן!

— אט ווי דו, טאטע! — כאפן זיי ביידע ארויס.

— איך, ווען איך דארף זיך שווערן אין עפעס, — שמייכלט דער ייִנגערער, — שווער איך זיך ערנסט ביי מיין יידישן נאמען: ווי איך בין א ייד!

— ווער האט אייך דארטן געלערנט יידן צו זיין?

— פרעגט אהרן פארגאפט — און וואס איז אייער יידישקייט?

— צוערשט: געבראכט פון דער היים האבן מיר אונדזער יידישקייט, פון טאטע אהרן און מאמע ירוחמה געיארשנט און איינגעזאפט אין זיך אלע קינדערשע יארן: ליב האבן יידן און ארויסהעלפן יידן און איינשטעלן זיך פאר יידן...

— און פאר באלמעלאכעס! — כאפט ארויס צעשמייכלט דער אנדערער.

— און אין שטאט האבן אונדז די גוים געלערנט יידן צו זיין, די רוסישע ארבעטער, וואס מיר ארבעטן מיט זיי פלייצע ביי פלייצע, זיי האבן אונדז פיינט, ווייל מיר טרינקען ניט אינאיינעם מיט זיי, מיר זידלען זיך ניט ווי זיי, מיר שלעפן ניט פון פאבריק,

מיר שלאגן זיך ניט, מיר טראגן ניט קיין קנאה און קיין שנאה צו קיינעם.

— און נאך באשטייט אונדזער יידישקייט דערין, — כאפט ארויס דער צווייטער, — וואס מיר באהאלטן ניט אויס פאר אלעמען אונדזערע יידישע נעמען: שלמה און שמעון, מיר חברן זיך מיט יידישע ארבעטער, און מיר העלפן זיי ביי דער ארבעט, און מיר ריידן יידיש מיט זיי הויך אויפן קול און פאר אלעמען אין די אויגן און ניט געשעמט זיך פאר קיינעם. דאס אייגענע גייט אן פון אונדז, ווען מיר טרעפן זיך מיט סטודענטן.

— און ביי פארוויילונגען, ווען מיר טרעפן זיך אפט, שאפט זיך אליין פון זיך א קליינינקע יידישע סביבה, און שטילערהייט צווישנאנאנד גייט אונדז אן די לאגע פון יידן אין לאנד און פון יידישע באלמעלאכעס בפרט.

— מיר לייענען יידישע ביכער און צייטונגען, באזוכן יידישן טעאטער.

— און מיר גיבן קלעפ אויף צוריק, ווען א יידישער ארבעטער כאפט קלעפ פון א גוי.

— מיר טראגן אין הארצן דעם יידן אין זיך, ווי א געוויינלעכע, א נאטירלעכע זאך, און קיינער האט אונדז ניט באדארפט לערנען און ווייזן און רופן דערצו. און מיר ווייסן ניט פון קיינע גייסטיקע ספיקות דערביי.

— און וואס שייך קאמסאמאל? — פרעגט דער טאטע אהרן און קוקט צו די זין אין די אויגן אריין.

— מיר — ניט! און ווער עס וויל, זאל זיך גיין מיטן קאמסאמאל.

— יידישע ייִנגלעך, באלעבאטישע קינדער, רייסן זיך אין קאמסאמאל אריין, פון קאמסאמאל אין פארטיי, און דער וועג איז זיי פריי צום אינסטיטוט, צו הויכע קאמאנדע־פאסטנס, צו א גוטן לעבן. מיר ווילן זיין געוויינלעכע אינזשענערן־טעכניקער און ניט קאמאנ־דעווען איבער די גוים, נאר שטיין אין צעך אינאיינעם מיט די ארבעטער און העלפן און ווייזן זיי ביי דער ארבעט. און קיין פיינטשאפט ניט רופן צו יידן מצד די גוים, ווי עס טרעפט איצט. און געוויינלעכע אינזשענערן קענען זיין אומפארטייישע.

אהרן הערט צו, קיין ווארט ניט געמינערט פון די קינדערס רייד. זיינע אויגן צעשיינען זיך אים פאר פרייד.

— אט וויל אונדזער מיכל זיך לאזן פארן קיין ארץ ישראל. — זאגט אהרן, דעם טראפ ניט געשטעלט אויף יא אדער ניט. — אייך גלוסט זיך ניט פארן אהינצו?

און א קער דעם קאפ טוט דער טאטע צו מיכלען, וואס זיצט אין דעם ווייטן ווינקעלע און הערט צו די ברידער.

— מיכעלע, זונאק! — רופט אהרן צום זון. — רייד ווערטער דו אליין, לייג ארויס צום טיש דיינע גע־דאנקען. זאלן די ברידער דיך הערן און מיטגיין נאך דיר.

מיכל שווייגט. א ווארעמקייט צערויטלט זיינע ייִנגלשע באקן.

— זאל ער פארן, אויב דאס הארץ רופט אים דערצו.

— זאגט דער עלטערער, שלמה. — איך ווייס ניט, פון וועמען און פון וואס אנטלויפט מיכל קיין ארץ ישראל. איך זע דערווייל ניט קיין סכנה פאר ייִדן אין אונדזער לאנד אויף צו אנטלויפן פונדאנען. סיידן געפילן און סענטימענטן.

— ווּעסט דערזעען און דערפילן, שלמה, און איר אלע וועט דערזעען און דערפילן! — רופט זיך אפ מיכל.

א ניטדערליידיקטער שווער־שוויגן פאלט צו אלעמען.

## 11

אין קיבוצארניע א שטילקייט, א שוויגעניש. מער־נישט א זיפצן און קרעכצן פון טיף הערצער ארויס און א בייז ברומען. איבער ווארשטאטלעך און מאשינדלעך זיינען צוגעפאלן באלמעלאכישע קעפ מיט ארעמס און דלאניעס אינאיינעם, וואס אלע פוסטעוועו זיי שוין טעג און טעג, ליידיק געבליבן אן ארבעט. דער מוח הייבט זיך פון אומבאהאלפנקייט. קיין ברעקל ברויט איז אין שטוב ניטא, קיין איין דארע בולבענע. פאר־חלושטע אויגן פון קינדער. פארלארענע אויגן פון מאמעס. א שטיל כליפען. א קוים רופן:

— מאמע! גיב מיר א שטיקעלע ברויט!

א וויי־געקרעכץ פון דער מאמען, און דעם קינדס כליפענדיק רוף:

— וואס ווייסטו, מאמע?

אויס! קיין שטאך ארבעט ניט. אז מען נייט זיך ניט און מען קלײדט זיך ניט, שניידערט מען ניט. אז מען שוכט זיך ניט, שוסטערט מען ניט. א פראסטער שכל.

דער קאפ שווינדלט. דאס הארץ פארגייט אין קלעמעניש. און וואס קענען אויפטאן דערצו הונגעריקע באלמעלאכעס?

צו אהרענען אין שטוב פאלט אריין אברהם דער לערער, א צעטומלטער, א צעטראגענער. ער באגריסט זיך קוים.

— אהרן! — רופט ער זיך אפ. — מען דארף עפעס טאן! באלמעלאכעס גייען אויס פון הונגער! היינט אין שול איז א קינד געפאלן אין חלשות פון הונגער.

— וואס קענען הונגעריקע באלמעלאכעס אויפטאן?

— טרויערט אהרן. — בעטלען ביי די סאוועטן?!

— טאטע! — רופט זיך אפ דער עלטערער, שלמה. — מיר האבן דא א ביסל געלט, א פינף הונדערט רובל. זאל מען זיי נעמען ביי אונדז און גלייך קויפן ברויט און בולבע פאר מענטשן, און דערנאך וועלן מיר צושיקן נאך געלט, אייגענע און חברשע.

— קומט לאמיר גיין צו די באלמעלאכעס דערמונ־

טערן זיי! — רופט אברהם. — קומט אלע יינגלעך מיט אונדז!

אין קיבוצארניע הייבן באלמעלאכעס די ברעמען און בליקן צו די געקומענע. פארשנדיקע אויגן, יידישע און רוסישע, דריגען דערוואַרטנדיק צו זיי.

— וואס זיינען זיי געקומען אהערצו צו אונדז? — פרעגט א רוסישע שטים.

— חברים, ברידער! — רעדט אברהם רוסיש צו אלעמען. — אויף ברויט און בולבע האבן מיר אייך געבראכט געלט. און פאר אלעמען גלייך: פאר יידן און פאר קריסטן. אויף ווייטער וועט אויך זיין. נעמט און קויפט אייך צום עסן.

— ווער זיינען עס די געלט-געבער? — פרעגט בערל דער שוסטער.

— יא! דער נדבה-געבער איז ווער? — לאזט זיך הערן אנשל דעם שניידערס הייזעריקע שטים.

— קיינע נדבות! — ענטפערט אברהם. — אונדזע־רע אייגענע באלמעלאכישע זין האבן אונדז הילף געבראכט פון זייער אייגענער הארעוואניע, און א באלמעלאכע זאל ניט פאלן. אט שטייען זיי פאר אייך דא, די צוויי יינגלעך אהרנס, וואס האבן דאס געלט געבראכט.

— פון א באלמעלאכעס האנט וועלן מיר נעמען. — רופט זיך אפ נאטע דער שוסטער. — און פון א

באלמעלאכיש הארץ! — רופט זיך אפ לייבע דער שניידער.

אברהם טיילט דאס געלט אלעמען גלייך. ער רופט צוערשט די גוים צום טיש. דער ערשטער שטייט לעבן טיש אן אלטער שוסטער, א הויכער א דארער. אברהם קען אים.

— נא, נעם, פעטראאוויטש! — גיט אים אברהם דאס געלט. — און זיי וויסן, אז יידן פארגעסן ניט קיין גוטס און זיינען ניט מוחל קיין בייז.

— בראטצי יעווּרעאי! — צעכליפעט זיך דער אלטער גוי. — שולדיק זיינען מיר קעגן אייך! זייט אונדז מוחל!

נאכן צעטיילן דאס געלט, ווען די גוים זיינען שוין אוועק, זיינען זיך ניט צעגאנגען די יידישע באלמעלאכעס און שטיין געבליבן אינדרויסן אין א רעדל שטיל שווייגן. אברהם דער לערער האט דערפילט:

— יידישע פעדים, שטארקער פון אייזן, האבן זיך היינט געשפונען צווישן יידישע הערצער.

א הייסע, א צאפלדיקע ווארעמקייט האט צעשפארט באלמעלאכישע הערצער, און אלע האבן געווארט, עס דארף עמעצער ריידן פאר זיי און אראפריידן פון הארצן און ארויס ברענגען די ווארעמקייט זייערע פון איינעם צום אנדערן.

— אוי, יידן, יידן! ווו נעמט מען נאך אזא פאלק

ווי יידן! — האט זיך ארויסגעריסן פון בערל דעם שוסטערס הארץ־טיפעניש.

אלע יינגלעך אהרן דעם בויערס האבן זיך געטוליעט מיט די באלמעלאכעס אינאיינעם.

— — — — — — — — — — — — —

דעם ערשטן טאג סוכות ביים ווארמעס־עסן האט מיכעלע, דער מיזיניקל אהרן דעם בויערס אפגעכאפט אלע געריכטן און איז אוועק פון שטוב. ווארמעס צייט האבן געשיינט זיינע צעטרוימטע בליקן מיט א מאדנעם שיין. די פינגער זיינע האבן אים געציטערט.

— אנטלאפן צו מענדל דעם סטאליער איז ער. — זאגט אים נאך מאטל. — אלע שבת און יום טוב זאמלען זיי זיך ביי אים, און ער לערנט זיי די ציוניסטישע תורה. און מיכל גייט ארום א פארכאפטער פון דער תורה.

— און אונדז, די זייטיקע מענטשן, וועט ער ארייג־לאזן צ וזיך, מענדל, צוהערן זיין תורה־לערנען? — פרעגט דער עלטערער, שלמה.

אדרבא! — רופט זיך אפ מאטל. — ער וועט גערן זיין, מענדל, אונדזער קומען צו אים. ער איז אויסן ארייננציען נאך ציוניסטן צו זיך.

— עס איז מיר ניט צו פארשטיין, וואס ציט אונדזער מיכלען אהינצו? — רופט זיך אפ מאיר. — מילא, די באללעבאטישע זין און טעכטער קוויקן זיך מיט פיינע טרוימען, וואס פירן זיי אוועק פון דעם ביטערן לעבן

צו אן ערגעץ־לאנד. אבער מיכל אונדזערער דארף דאך גוט פארשטיין, וווהין ער גייט און מיט וועמען ער גייט. עס וועלן אים באלעבאטישע קינדער פירן מיט א באלמעלאכישן וועג ?

— טאטע ! — רופט זיך אפ שלמה. — לאמיר ארייני גיין צו מענדלען, הערן וואס וויל ער און וואס ברענגט ער ארויס. שפאצירנדיק צום וואלד וועלן מיר ארייגגיין צו אים.

— קומט, קינדערלעך, קומט ! — ענטפערט דער טאטע. — מיר וועלן פארבעטן אברהם דעם לערער מיטגיין מיט אונדז.

עק שטעטל. ברייט און לאנג איז דער שליאך, וואס פירט אין ווייטע ווייטן אוועק. לינקס פונעם וועג איז דער וואלד, א געדיכטער, א טונקעלער, א רוישנדיקער. קעגנאיבער דעם וואלד שטייט מענדלס שטוב, די לעצטע אינעם וואלד־געסל. און איידער ארייגגיין אין שטוב, האלט זיי אלעמען אויף אברהם דער לערער.

— נאר ניט דיסקוטירן מיט מענדלען זאלן מיר. — רופט אברהם. — די ציוניסטן האבן ניט ליב קיין דערווידער צו זיך און קיין שום קריטיק. זיי זיינען איינגעגלויבט אין זיך, און אווארט קריטיק נעמען זיי אויף פאר פיינטשאפט צו זיך.

א גלייכינקע, א גאנצינקע איז די שטוב מענדלס, ניט צו פארגלייכן מיט די סלאבאדקער באלמעלאכישע הייזקעס. לאדנס, געפארבטע אין בלא־ווייסן. איבער

דער פילינגאַוועד טיר א געשניצטער מגן דוד. א שטאַכעטעלע נעמט אַרום די שטוב. היפּשינקע ליכטיקע פענצטער קוקן אַרויס צום וואַלד. בעזן האָבן זיך צעצווייגט ביי די פענצטער.

א גאַניקל מיט פּאַרענטשעס און עטלעכע טרעפּלעך אַרויף. געשלאָסן איז די טיר. צום ערשטן קלאַפּ פון די געקומענע צעפּראַלט זיך די טיר. דערפרייען זיך מענדלס וואַרעמע אויגן, זעט אויס, נאָך פון עפּעס פריער דערפרייטע.

— ברוכים הבאים! — באַגריסט מענדל ברייטלעך און גרייט די געסט. און דערזעעט די צוויי נייע געקומענע בחורימלעך אהרנס, די שטאַטישע, האָט זיך מענדל נאָכמער דערפרייט, געשלאָסן די טיר הינטער אַלעמען און אַריינגעבראַכט די געסט אין א גרויסן חדר אַריין.

אין מיטן גרויסן, געראַמען חדר איז אויפגעשטעלט געווען צום דיל א לייוונטן געצעלט. דער דיל אַרום דעם געצעלט איז באַשאָטן געווען מיט זויבערן זאַמד. די העלע וואַרעמע בייטאָגיקע זון האָט אַריינגעשיינט דורך די פענצטער און באַלויכטן און באַוואַרעמט דעם געצעלט און דעם זאַמד אויפן דיל. דערלאַנגט האָבן זוניקע שטראַלן צו די ווענט פונעם חדר און באַזוניקט מיט וואַרעמען שיין די בילדער פון ארץ-ישראל-פּייזאַזשן.

א היפּשע גרופּע בחורים און מיידלעך, א מענטשן

צוואנציק, פיין־יומטובדיק געקליידעט, מיט זאטע געזיכטער, מיט אויפגעשטראלטע ערגעץ־בליקן האבן ניט באוויזן אנצוקוקן די ארייגעקומענע. מענדל האט אויפגעכאפט זייערע בלילקן און גענומען גלייך ציען זיינע רייד, די אקארשט צעהאקטע.

זיך צוגעטוליעט אלע צו א ווייטן ווינקעלע, האט זיי בענומען אלעמען צוערשט מענדלס ווארעמע, זיכערע שטים. גערעדט האט ער א זאפטיקן יידיש און מיט א מאדנער ווארעמקייט בילדער געשילדערט פונעם ישראל־ביבלישן אמאל, און פעדים געצויגן און געקניפט מיט דעם ישראל־היינט, מיט דעם וואונדער־שיינעם געטרויי־מיטן לאלנד, וואס ווארט אויפן צוריק עולה זיין צו זיך, צום אלטן היים, זיינע זין און טעכטער מעבדות לחירות, און צו בויען פונסניי די יידישע היים.

מענדלס לעצטע ווערטער האבן ארויסגעקלונגען שטארק און רופנדיק. די גרופע זיינע, די בחורים און מיידלעלך, זיינען א לאנגע ווילע זיצן געבליבן פארגאפטע און אפגעאטעמט צופרידענע.

פון דעם ווינקל ארויס זיינען אהרנס בליקן צוגע־פאלן צו דעם זונס, צו מיכלס טרוימעריש־צעללויטערטע אויגן, געטראפן האבן זיךביידנס בליקן פון טאטע און זון. מיטן קוים געפאלענעם קאפ האט מיכל פארבארגן זיינע אויגן פונעם טאטן, ניט געוואלט בעטן קיין מחילה פאר זיינע הארץ־בארופן. און פארענטפערן זיך ניט געוואלט אפילו פארן טאטן.

אינדרויסן, ווען אינאיינעם מיט אלעמען ארויס זיינען זיי, אהרן און אברהם און די יינגלעך, בלייבן זיי אלע שווייגן א לאנגע ווײלע, ניט אנגעקוקט איינער דעם אנדערן און געבויגן די קעפּ. אהרן הויכט ארויס מיט א שווערן אטעם:

— געבענטשט זיינען די גלויביקע! זיי לעבן זיך אויס מיט זייער אייגענעם גלויבן. און וואס זאל טאן דאס פּראסטע פאלק, וואס גלויבט ניט?

— טרוימער דארף מען אויך האבן, אהרן, — רופט זיך אפּ אברהם. — זיי זיינען דאך די פאָרגייער ביי א שווערן אומגעפּלאסטערטן וועג.

— לערער אברהם! — פרעגט מאיר. — צי מיינט איר ניט, אז אונדזער מיכל וועט גיין דער ערשטער, און מיר אלע וועלן אים נאכגיין פוסטריט?

— און צי מיינט איר ניט, לערער אברהם, אז אט די, מענדעלס בחורים און מיידלעך, וועלן גיין די ערשטע קיין ארץ ישראל, לייגן דארטן די גרונט־שטיינער פון א ניי לעבן א זייעריקן, און דאס גארע יידישע פאלק דאס הארעפּאשנע וועט קומען און זיך אויסלעבן אויף זייער שטייגער? — פרעגט מאטל.

— איך מיין און איך ווינטש זיי, די בחורים און די מיידלעך מענדלס צו ווירקלעך מאכן זייער טרוים און אויסבויען א לאנד כאטש זאל זיין פאר טרוימער. — ענטפערט אברהם פארטראכט. — און דערנאך מיין איך, אז דאס גארע און גאנצע יידישע פאלק אין

רוסלאנד וועט פרייוויליק און אליין ניט לאזן זיך ארויסרייסן מיט די ווארצלען פון דער אלט־געוווינטער רוסישער ערד, ווי ביטער און בלוטיק זי זאל ניט זיין. אזוי דוכט מיר, די ערד די רוסישע. און דעם גאנג און דעם טראט ווי צו שטעלן אויף דער רוסישער ערד וועט ווייזן די צייט און לערנען וועט די אייביקייטס־קראפט פונעם יידישן פאלק.

## 12

אין זיבעטן קלאס גייט אן דער לימוד פון יידישער שפראך. עס האלט אים די לערערקע רחל.

א מאדנע איז זי, די לערערקע רחל. קארג אויף א ווארט, און באדאכט און באטראכט, נאר יעדער ווארט אירער איז שווער־וואגיק און געמאסטן מיט אינהאלט, אראפגעכאפט פונעם פאלקישן מויל, פונעם פאלקישן הארצן געשעפט, און געזעטיקט מיט בילד און מיט רייץ. און אויסער מיט די ליפן מיט אירע, רעדט רחל צו די קינדער מיט אירע גרויסע און טיף־פארטראכטע ליב־הארציקע אויגן און מיט די חן־גריבעלעך אויף אירע באקן. און ביים דערקלערן א נייעם טייל פון דעם לימוד בלייבט זי שטיין, רחל, ניט ביי איר טישל, נאר אין מיטן דעם קלאס, און א צארטע, א ווארעמע האנט אירע בלייבט ליגן איבער א קינדערשן קעפל אדער אויף א קינדס פלייצע. און צעשטראלטע קינ־

דערשע אויגן, אזעלכע טיפע ווי רחלס אליין, גייען איר נאך פון אלע זייטן ארום קלאס. און באלד הייבן זיך הענטלעך מיט הייסן פארלאנג איבערצוזאגן אליין דאס געזאגטע פון דער לערערקע רחל. דעם לעבן איינשטעלן פאר דער לערערקע רחל.

אינדערהיים ביי זיך ביים מאכן זיך גרייט צום לימוד פון יידיש אויף מארגן, זוכט זי און זיפט ארויס דעם פערל פון יידישן ווארט ביי ידישע דיכטער און שרייבער. און דעם אויסגעזוכטן פערל פרוווט רחל בארירן מיטן פאלקס צונג. דערפילט זי גלייך, צי איז דאס פערל אמתע אדער געמאכטע. צו אירע קינדער אין שול קען זי ניט קומען מיט פאלשן פערל, מעג עס זיין אפילו געצירקלט. און ביים לימוד איבער א נייער טעמע קומט רחל צו די קינדער מיט אן אויפ־גאבע: צעוויקלען די טעמע מיט בילד און מיט ווארט. דער לערערקעס ווארט קומט שפעטער, באהעפט און פארוועבט מיט קינדערשן ווארט.

היינט ביי דעם לימוד פון יידיש שטייט פאר די קינדער א שריפטלעכע ארבעט אין קלאס. קינדער דארפן בארייכערן זייער אייגענע שפראך און קענען פריי און שיין און געהעריק זיך באנוצן מיט איר. און שעפן שפראך זאלן די קינדער פון געהערטן און פון געלייענטן.

און ווען אנגעלעט האט די לערערקע רחל די קינדערשע קעפלעך און שטיין געבליבן א ווילע אין

מיטן קלאס, פאלן אריין דורך די פענצטער, אדורכ־געריסן די וואלקנס, ברייטע ווארעמע זוניקע פאסן און צעלייגן זיך איבער קינדערשע קעפּלעך און באקן און אויגן. צעזשמורען זיך, צעשמייכלען זיך קינדערשע אויגן און באקן, און עס דערפרייען זיך קינדערשע הערצער.

— די זון איז אזא ווארעמע, אט ווי דער מאמעס האנט. — רופט זיך אפּ יאנקעלע.

— אט ווי דער לערערקעס האנט. — רופט זיך אפּ ריוועלע.

— א צארטע איז די זון, ווי... — פארהאקט זיך גיטעלע.

— א ליבלעכע איז די זון. — רופט זיך אפּ בערעלע.

— קינדער! — רופט די לערערקע רחל. — היינט איז ביי אונדז א שריפטלעכע ארבעט אין קלאס איבער יידיש. לאמיר אונדז נעמען די טעמע: א וועלכע איז די זון און מיט וואס צו פארגלייכן זי. שרייבט אויס ניט מער ווי איין זייטעלע פון א העפט.

— גוט, לערערקע רחל! — דערפרייען זיך די קינדער און נעמען זיך שרייבן.

א שטיל שארן מיט פאפיר. א שטיל שעפּטשען פאר זיך. געבויגענע קינדערשע קעפּלעך, שווארצע און בלאנדע. און דער לערערקעס הארציקע בליקן צום קלאס קינדער, צו אירע קינדער.

און מיטאמאל... א ריס אויף די טיר פון קלאס,

און עס שטעקן זיך אין איר אריין צוויי מיליציאנערן. זיי אהינטער גייט נאך דער דירעקטאר, אברהם דער לערער.

— ארויס גייט פון קלאס! אלע ביז איינעם! — צערעוועט זיך א מיליציאנער.

צעשראקענע קינדערשע אויגן, הענטל־פענעס גע־בליבן געקלעמטע אין קינדערשע פינגער, און קינדערשע קעפלעך צו דער לערערקע דערווארטן איר ווארט.

— חברטע רחל! קינדערלעך! — רופט אברהם. — לאמיר אוועק! מען שליסט אונדזער שול!

א שטילער געכליפ פון די קינדער. צוויי פערלדיקע טרערן בלײַבן הענגען איבער רחלס וויעס.

— ארויס! ארויס! רעוועט דער מיליציאנער.

— קומט, קינדערלעך, לאמיר גיין! — רופט שטיל אברהם. — מען פארטרײַבט אונדז פונדאנען!

א טומל, א געוויין פון לעבן דער יידישער שול איז מיטאמאל צוגעפאלן צו די סלאבאדקער הייזקעס. מאמעס מיט צעשויבערטע קעפ, טאטעס מיט פארטע־כער צו דער ארבעט האבן זיך געלאזט איילן צו דער שול. און איילנדיק און לויפנדיק געפרעגט איינער דעם אנדערן:

— וואס איז געשען אין דער שול? א שריפה?

אין גאס ביי דער שול שטייט די לערערקע רחל, געריננגלט פון איר קלאס קינדער. פינף און צוואנציק

קעפּלעך טוליען זיך צו איר, הענטלעך כאַפּן אַן אירע פינגער.

— לערערקע רחל! פאַרוואָס האָט מען געשלאָסן אונדזער שול?

— לערערקע רחל! וווּ וועלן מיר זיך לערנען איצטער?

— איך ווייס ניט, קינדערלעך! — ענטפערט רחל, קוים געשטיקט אירע טרערן.

— אוי ווי, פאַרמאַכט אונדזער שול! — צעשרייט זיך אַ מאַמע.

— אַ פּאַגראָם אויף יידן! — רופט אויס אַ טאַטע.

— באַלד וועט מען זיך נעמען צו אונדזערע נשמות אויך! — רופט אויס נאָך איינער.

אברהם דער לערער שטייט פאַרגליווערט, געפאַלן די הענט, צוגעשאַקלט פאַרלאָרן מיטן געבויגענעם קאָפּ.

אַרום אברהמען זאַמלען זיך יידן, טאַטעס פון שול-קינדער, עלטערע באַלמעלאָכעס פון סלאַבאָדקע. פאַר-לאָרן-שווייגנדיק רינגלען זיי אברהמען. באַלד בלייבט דאָ שטיין אַהרן דער בויער. ער עטעמט שווער. דער צאָרן צעקאָכט זיך אין אים. בונים בלייבט שטיין און מענדל דער סטאָליער. די מיליציאַנערן פאַרהאַקן די שול-טיר מיט אַ צעררייצטן קנאַק. זיי צעבראַזגן זיך מיטן דיקן-שפּייכלער-שלאָס איבער דער טיר. באַלמע-לאָכעס ציטערן אויף. שול-לערער אַ רעדעלע אין דער

זייט ווישן טרערן. שול־קינדער לאזן ניט אפ זייער לערערקע רחל.

— לערערקע רחל! וואס וויינט איר? — פרעגן די קינדער צעכליפעט.

— דיין מאכט האט צעטראטן דיר דיין נאציאנאל־קולטורעלע אוטאנאמיע, בונים. — צעשטערט די ווייטיקדיקע שטילקייט מענדל דער סטאליער.

— מיינע, גלייך ווי דיינע, מענדל! — ענטפערט בונים הארב און האסטיק. — אונדזער אלעמענס איז זי.

— ניין, בונים! — דערווידערט מענדל. — מיין נאציאנאל־קולטורעלע אוטאנאמיע וועט בכלל ניט זיין קיין אוטאנאמיע פאר א מינדערהייט יידן. אין מיין לאנד וועט זי זיין די נאציאנאלע קולטור פאר אלעמען די אלגעמיינע און פאר אלעמען גלייך.

— מענדל! — רופט זיך אפ אהרן דער בויער הארב און שארף. — עס פארשאפט דיר הנאה דער קולטור־פאגראם אויף יידן?

— ניין, אהרן. — ענטפערט מענדל. — ניט דאס בין איך אויסן געווען צו זאגן. עס פלאצט דער בונדיזם און די בונדישע גאולה אויף יידן. אט וואס איך בין אויסן צו זאגן.

— דערמיט מיינסטו, ביסטו שוין געווארן דער געראכטער, מענדל, מיט דיין ציוניזם? — פרעגט מיט א דערווידער אהרן.

— מיין ציוניזם בלייבט דער גערעכטער מיט זיין עיקר־געדאנק: יידן דארפן זיך ראטעווען פון נאציאנאל־קולטורעלן אומקום און פון פיזישן אומקום. — רופט זיך אפּ מענדל. — אט קוק: די סאציאל־דעמאקראטישע פּארטיי און א העלפט פונעם רוסישן פּראלעטאריאט האבן די באלשעוויקעס צעשאסן און פארפייניקט אין טורמעס און אין לאגערן. די רעוואלוציאנערע פארטיי פונעם רוסישן פויערטום האט מען דערמארדעט צום טויט. צעטראטן ביז בלוט האבן די באלשעוויקעס דאס אוקריינישע פאלק, דאס ווייס־רוסישע, דאס ארמענישע, דאס לעטישע פאלק. היינט שטייט דאס יידישע פאלק ביי צעטראטן צו ווערן. שוין גענומען האט מען זיך צו דער יידישער קולטור, און באלד וועלן פאלן צום טויט די ערשטע קרבנות, די שענסטע און בעסטע, דאס פערל פונעם יידישן פאלק אזוי, ווי ביי אנדערע פעלקער האט מען עס געטאן.

— וווהין ראטעווען זיך? וואס בלאפסטו, מענדל?! — רופט זיך אפּ בייז אהרן דער בויער. — אין וויסטע חלומות אריין?! זעקס מיליאן יידן פון רוסלאנד וועלן זיך לאזן גיין פוסטריט נאך דיר קיין ארץ ישראל?! באזין זיך וואס דו רעדסט, מענדל!

יידן צעגייען זיך אין א שווערן שוויגן.

## 13

יאנקעלע דער גנב, יאנקוצקע, יאנקוצע דער מאר־ביטער, ווו צוויי, ער א דריטער, האט שוין לאנג זיך צוגעשארט צו דער מיליציע. גנבישע ברויטלעך האבן זיך שוין לאנג אויסגעלאשן ווי א רויך: אויס גבירים און באלעבאטים, און ביי אן ארבעטער און באלמעלאכע איז קיין צירונג ניטא. דרייט ער זיך ארום, יאנקוצקע, איבערן שטעטל, איבער דעם מארק, איבער געסלעך, רוקט זיך צו מיטן רוקן צו א רעדל יידן, און ניט געקוקט צו די ריידער, מערנישט געכאפט א בליק פון דער זייט און ניט געלאזט פאלן קיין איין בייז און שפאטיש ווארט אויף דער מאכט און גלייך צו דער מיליציע און א קלאפ געטאן וועגן דעם און יענעם דאס און דאס, און צוריק צו די פישערקעס, געריבן זיך ארום צוויי ווייבער, וואס האבן זיך צערעדט איבער זייערע שכנים, און וואס די שכנים טוען אפ ביינאכט. גלייך בלייבט יאנקוצע שטיין ביי דער מיליציע און קלאפט ווידער. און ווידער ביי אן אפענעם פענצטער פון א קיבוצארניע בלייבט ער שטיין, יאנקוצקע, זיך צוגעשפארט אויף דער זוואלינקע און הערט זיך איין וואס באלמעלאכעס הונגעריקע טענהען אויפן קול וועגן דער מאכט. און פון מאל צו מאל ווארפט די מיליציע עטלעכע רובל יאנקוצקען פאר זיין ליבשאפט און טועכץ צוליב דער מאכט.

קען מען יאנקוצקען אין שטעטל, און פיינט האט מען זיין טועכץ, און אים אליין האט מען פיינט ווי א שפין. אליין איז ער א קליינוווקסיקער, א בייכלדיקער, מיט א געשוואלענעם קאפּ, מיט גרינלעך־שטעכיקע, פיינטשאפטלעכע אויסגעפוקלטע אויגן. און אויסער פיינטשאפט און האס, האט זיין אויפקום צווישן מענטשן גערופן א ביסעלע מורא פאר אים: גיי, פארטשעפע זיך מיט אים! און דערנאך האבן צו טאן מיט דער מיליציע.

אריינגעשמוגלט האט זיך דאס מאל יאנקוצקע אין דער בערשטער־פאבריק צו דעם גרויסן פאק־צעך. צוליב אוונט־צייט און מענטשן־געטומל פון נאך דער ארבעט איז ער קיינעם ניט געפאלן אין די אויגן. און זיך אריינגעשטעקט אין א ווייטן ווינקל צווישן די פעק, איז ער דארטן זיצן געבליבן אומגעמערקט. פון דעם ווינקל זיינעם וועט ער, יאנקוצקע, צוזעען און צו־הערן אלץ פון דער בונדישער פארזאמלונג דא אין צעך.

געוווסט האט דאס שטעטל פון דער באלדיקער פארזאמלונג. עס האבן צווישנאנאנד בונדיסטן גערעדט, אז עס גייט אינעם לעבן פון "בונד", און בונדיסטן ווערן גערופן איצט מערנישט צוליב צעשרייבן זיך אויף דעם טויט־אורטייל פון זייער פארטיי. און זאל דאס געטאן ווערן דעמאקראטיש און פרייוויליק ביי א מיינונגס־אויסטויש.

יאנקוצקע האט זיך גערייכט אויף דער פארזאמלונג ארויסצופאנגען די ניין־זאגערס קעגן דער ליקווידאציע און די קעגנער צום איינשליסן זיך אין דער קאמוניס־טישער פארטיי. א יעגער־צופרידנקייט פון הייטיקן זיכערן רויב און דעם טעם דעם זיסן פון דערלאנגען זיין רויב פאר דער מיליציע האט אנגעקוואלן זיין הארץ. כאטש געוווסט האט ער, יאנקוצקע, פון פריער ווער פון די בונדיסטן איז א ניין־זאגער, און ווער עס איז א יא־זאגער, האט זיך אים דאך געגלוסט צו כאפן יעדן ניין־זאגער ביים ווארט פון מויל ארויס. א בלייערל האט ער מיטגענומען, און ער וועט פאר־צייכענען זיי אלעמען אויף זיין דלאניע.

א שווער אפזיפצן פון הונדערט הערצער, א קוים געשטילטער גערודער.

— חברים! — זאגט בונים. — געקומען איז אונדזער ריי ליקווידירט און פארפייניקט צו ווערן באגלייך מיט אלע אנדערע דעמאקראטישע פארטייען. אלץ איז קלאר פאר אונדז. ווער פון אונדז עס וויל בלייבן לעבן מיט פאלשקייט און פארקויפטערהייט, זאל יענער גיין צו דער קאמפארטיי. איך וועל ניט גיין! איך וועל שטארבן אינאיינעם מיטן "בונד"!

יאנקוצקע האט גלייך פארצייכנט זיך אויף דער דלאניע בונימס נאמען. און גלייך אויפן שטעל דער־הערט האט ער דעם צערודערטן געטומל פון עטלעכע

צענדליק אויפגעשפרונגענע פון זייערע פלעצער צעקאכטע בונדיסטן. און געשרייען און אויסרופן:

— ניין! ניט גיין צו דער קאמפארטיי!

— מען וועט סייווי פארטיליקן דארטן אויך!

— יא גיין! און בלייבן רעוואלוציאנערן!

גערופן, געשרייען, גערודער און טומל האט באוועגט דעם טונקעלן צעך. יאנקוצקע האט זיך ארויסגעדרייט פון זיין באהעלטעניש, צוגעפויזעט צו דער טיר און איז גלייך ניט געווארן. דאס הארץ זיינע האט אים געטראגן צו דער מיליציע. צעשפרייט די דלאניע זיינע, האט ער געהייסן פארצייכענען א שפאר ביסל נעמען פון די קאנטרעס, די ניין־זאגערס, די בונדיסטן.

דער היגטישער חוש יאנקוצקעס האט אים געבראכט אויפמארגן צו דעם בונדישן קאמיטעט. פונדערווייטנס האט ער דערזעען א געזעמל בונדיסטן. זיי צעשטעלן זיך רייענווייז. דער פארנטיקער האלט די בונדישע פאן איבער זיין אקסל. פייוול פון קאמיטעט קאמאנדעוועט לאזן זיך גיין צום קאמיטעט פון דער קאמפארטיי. דארטן פאר די פארזאמלטע קאמוניסטן לאזן אראפנייגן די בונדישע פאן ביז צו דעם דיל און דערנאך שווערן א טרייהייט צו דער קאמפארטיי.

זיינען אוועק געשלאסענע רייען מיטן פאנענטרעגער פארויס. יאנקוצקע גייט זיי נאך פונדערווייטנס. ביי דער צווייטער זייט גאס קעגנאיבער דערזעט יאנקוצקע בונימען מיט נאך עטלעכע בונדיסטן. זיי רייבן זיך

ארום די ווענט און פאלגן נאך די מארשירנדיקע רייען. ביי דעם סאמע קאמפּארטיי־קאמיטעט לויפט בונים ארויס פאר די רייען, כאפּט ארויס פונעם פאנענטרע־גערס הענט די בונדישע פאן, רייסט א צעצארנטער די בלוט־רויטע זיידענע טוך פונעם דרענגל אראפּ און צעשרייט זיך אויפן קול:

— ניין! איך וועל ניט אוועקגעבן אויף צעטרעטן מיט בלוטיקע שטיוול מיין לעבנס־פאן! דער טויט וועט זי אפּנעמען פון מיר!

די געשלאסענע רייען בונדיסטן בלייבן שטיין צע־מישטע. בונים קושט די פאן, לייגט זי צונויף, צע־קנעפּלט דעם רעקל, לייגט די פאן צום הארצן, פאר־מאכט די פאלעס פונעם רעקל איינע אויף דער אנדערער און פארקלעמט זיי מיט די ארעמס.

פייוול קאמאנדעוועט: צום קאמיטעט אריין!

יאנקוצקעס הינטישע בליקן האבן דאס אלץ אויפגע־כאפּט, און אפּגעקנאקט איז דאס געווארן צו דער מיליציע.

## 14

אראפּריידן פון הארצן דאס בלוט־שווארצע, וואס נעגלט און רייסט, גלוסט זיך בונימען. עס רודערט, עס קאכט און עס צארנט אין אים. גיין צו די אייגענע חברים בונדיסטן, איז ביי יעדן איינעם דאס אייגענע. טראגט בונימען זיין הארץ אוועק צו אברהם דעם

לערער און צו אהרן דעם בויער. אייגענע מענטשן זיינען זיי דאך, פראסטע, הארעפאשנע. צו זיי קען מען ריידן פון טיף הארצן אראפ, זיי וועלן ניט בלייבן גלייכגילטיק, און זאלן זיי קומען מיט זייערס איבער זיינעם, און לאזן הערן זאלן זיי פון זייער וועג און אויסוועג פארן יידישן ארבעטער און פאר יידן בכלל.

ביי דער אונטיקער טונקלקייט זיצן זיי דרייען ביי אהרן דעם בויער. מען דארף קיין לעמפל ניט צינדן. עס איז היימלעכער אזוי און זאל זיין א ביסעלע שווייגן, איז אויך גוט. יעדער אין זיך, מיט זיינע ווייען. יעדנס בליקן באזונדער, ניט אנגערירט איינער דעם אנדערן. א חשבון הנפש אליין און פאר זיך. און דאך איז היינט יענעמס אויך מיינס געווארן.

— א פאגראם נאך א פאגראם! — זיפצט אפ צערו־דערט אברהם דער לערער. — נעכטן די יידישע שול, היינט דער "בונד". מארגן די לערער, איבערמארגן די בונדיסטן.

— ביי דעם "בונד" גייט עס ניט אין די בלוטיקע קרבנות אליין. — רופט זיך אפ בונים. — היינט איז דער יידישער ארבעטער געקומען צו א אידייען־מפלה מיטן מארקסיזם. דער ארבעטער גלויבט ניט מער, אז דער מארקסיזם וועט אים אויסלייזן פון עקספלוא־טאציע. דער יידישער ארבעטער גלויבט מער ניט, אז דער מארקסיזם וועט אים ברענגען די נאציאנאלע אנטוויקלונג פון זיין יידישער קולטור. דער יידישער

ארבעטער איז געבליבן שטיין ביי אידיישע שייד־וועגן, אויסער דעם, וואס ער איז צעשפליטערט געווארן אין רוסלאנד.

— דער יידישער באלמעלאכע האט אויך געליטן דערביי, און אידדייש געליטן, — רופט זיך אפ אברהם.

— אפטמאל האט דער באלמעלאכע געהאפט, אז די סאציאלע רעוואלוציע וועט אים אויסגלייכן מיטן ארבעטער. היינט איז אט די אידייע צו אש און רויך געווארן.

שווייגן געבליבן זיינען אלע דרייען, גלייך עס פאר־ענטפערן פאגראמען אויף אלע פראגן.

— בונים! — צעשטערט אברהם דעם שווייגן. — וואלסט אפשר באדארפט אויף דער הייסער מינוט זיך ראטעווען פון שטעטל מיט אלע בונדיסטן אינאיינעם? מען דארף זיך ריכטן אויף ארעסטן.

— וויאזוי און וווהין קענען אנטלויפן זעכציק מענטשן מיט ווייבער און קינדער? ארעמע ארבעטער, אן א גראשן געלט ביי דער נשמה? איך האב געווארנט חברים: ווער עס קען, זאל אנטלויפן. איך אליין האב ניט די מעגלעכקייט צו אנטלויפן.

— — — — — — — — — — — — — —

דער טאג ווי דער טאג. עפעס טוט סלאבאדקע די באלמעלאכישע, און ווייבער האווען אין באלעבאטיש־קייט. פאלט אריין די נאכט, כאפט אן אלעמענס הערצער די שרעק פון דערווארטונג אויף עפעס אן

אומגליק, וואס לויערט אין געסלעך ארום און קוקט אויס די הייזקע, אוועלכע צו באפאלן זי. ניט אויסצו־מיידן, ניט צו אנטלויפן אין ערגעץ.

ווארטן דארף מען און זיך צוהערן. אט וועלן שטיוול און ביקסן צעזעצן די טיר, די אייגענע אדער דעם שכנס, און פון די געלעגערס וועט מען שלעפן אראפ טאטעס און זין און אוועקרייסן זיי פון די ווייבער און קינדער, אין חלשות געפאלן, און פארטרייבן זיי ווייט, אזו דארטן וועט דער געביין זייערער בלייבן.

שוידערט סלאבאדקע. און ביים שוידערן דרעמלט זי און ווארט אויף א קלאפ אין א טיר. און אין קאפ און אין הארצן קלאפט אפ:

— אט! שוין! מען גייט שוין נאך אונדזער נשמה!

האלבע נאכט, ווען סלאבאדקע איז שוין פארפארן ווייט מיטן דרעמל, זיינען ביי אירע הייזקעס שטיין געבליבן פינף שווארצע געשלאסענע אוטאס, פינף "ווראנעס". עמעצנס א זיכערע האנט האט צעשטעלט צוואנציק טשעקיסטן ביי די טירן פון געוויסע הייזקעס. און גלייך האט א זעצן פון שטיוול און ביקסן אין טירן צעבראכן דעם נאכטיקן אומרו. פארצאפלטע הערצער אין הייזקעס האבן דערהערט דאס באפוילע־ריש־ברוטאלע:

— עפנט!

און באלד פארצאפלט זיינען געסלעך געווארן פון חלשות־געשרייען פון ווייבער, פון פארגאנגען געוויין

און געוווּף פון קליינינקע קינדער. און אין טויט־שרעק פאַרכלינעטע הייזקעס האָבן אַלטע צעבראַכענע מאַמעס מיט די לעצטע טרערן געכליפּעט און די דאַרע פינגער געבראָכן. אַלטע געהויקערטע טאַטעס מיט אויסגעלאָשן־פאַרגליווערטע אויגן זיינען שטיין געבליבן מיט הערצער פאַרקלעמטע. עס האָבן טשעקיסטן געריסן פון טאַטעס העלדזער די געקלעמטע קינדערשע הענטלעך מיט די ווייבערשע אַרעמס איינאיינעם. עס האָבן טשעקיסטישע ביקסן געשטופּט אין די רוקנס די טאַטעס און זין דורך די טירן אַרויס. עס האָבן צעווילדעטע ווייבער אינדרויסן אין געסלעך געריסן דעם נאַכטיקן שווידער מיט פאַרלאַפענע הימל־געשרייען:

— אַ פּאָגראָם! אַ פּאָגראָם!

נאָך די אַוועקגעטריבענע זיינען נאָכגעלאָפן פאַר־חלושטע געדופן:

— טאַטינקע מיינער! ווען וועסטו קומען?!

— לעבן מיינער! איך וועל אויסגיין אָן דיר!

— זון מיינער, מיין איינציקער! מיין לעבן פאַר דיר!

— רוצחים! גוואַלדאַווניקעס! אַ גרוב אויף אייך!

— אַ פּאָגראָם! אַ פּאָגראָם!

אין דער זייט פונדערווייטנס האָבן יאַנקוצקעס געל־גרינע בייז־פרידענע אויגן באַגלייט די געטריבענע.

# 15

— עס האט בונימס הארץ געקלאגט איבער דעם יידישן ארבעטער־קלאס, וואס האט אנגעווארן זיין וועג און זיין אויסוועג מיט דעם בלוטיקן באנקראט פון מארק־סיזם. — טראכט אברהם דער לערער הויך אויפן קול פאר מאירן, דעם געוועזענעם שול־געהילף זיינעם, אהרן דעם בויערס זון. — און ביז צולעצט האט אים און זיין פארטיי ניט געארט פאר דעם גרויסן יידישן באלמעלאכע־קלאס. דאס האט בונים איבערגעלאזט אויף שפעטער, אויף דערנאך, אויוף דער סאציאלער רעוואלוציע, אויף דער גאולה אויף זיינער.

מאיר הערט זיך איין צו אברהמס רייד.

— דיקטאטור פון פראלעטאריאט. — זאגט ווידער אברהם, — האט זיך קאנסעקווענט און אומפארמיידלעך אויסגעלאזן צו בלוט איבער דעם גאנצן הארעפאשנעם פאלק.

— לערער אברהם! — פרעגט מאיר. — און זאל זיין ניט דיקטאטור, און מערנישט די אויבערמאכט און דאס אלגעמיינע ווילן פון גאר דעם רוסלענדישן הארעפאשנעם פאלק קען געמאלט זיין? און קען ברענגען א דערלייזונג אויך פאר דעם יידישן הארע־פאשנעם פאלק? און דאס קען ברענגען צו געזעל־שאפטלעכער גלייכבארעכטיקונג פונעם הארעפאשנעם יידישן פאלק און צום אויפבלי פון דער יידישער נאציאנאלער קולטור?

— דאס איז דאך א טרוים, מיין ליבער מאירל! — ענטפערט אברהם פארבענקט. — אויף צו קומען צו דער פאלקס־העגעמאניע אין רוסלאנד דארף אויפשטיין א נייע, א פאלקס־רעוואלוציע. הייגט שטייט דאס יידישע פאלק אין רוסלאנד, באגלייך מיט אלע אנדערע פעלקער, פאר א לאנגדויערנדיקן שווער־בלוטיקן היס־טארישן "דערוויל". מוזן מיר טראכטן פון א וועג און אן אויסוועג צוליב אט דעם "דערוויל" און בויען זיך אין טרוים א צוקונפט־פאלאץ פארן יידישן הארע־פאשנעם פאלק. הייגט איז אונדזער היסטארישער "דערוויל" אקטועלער פון דער צוקונפט פון אונדזערער.

—לערער אברהם! — כאפט גלייך אויף מאיר. — די פאריקע נאכט האט די ציוניסטישע ארגאניזאציע אונדזערע אינאיינעם מיט מענדלען שטילערהייט זיך אוועקגעלאזט קיין ארץ ישראל. אונדזער מיכל איז אויך אוועק מיט זיי.

— ווילסטו זאגן, מאירל: א וועג און אן אויסוועג?

— כאפט ארויס אברהם. — יא! א וועג און אן אויס־וועג פאר דער קליינינקער גרופע יונגעלייט און שוין. איך באגריס זייער גאנג, אבער צו א פאלק קען מען ניט אנבאטן קיין ראמאנטיק, עס זאל זיך לאזן גיין אין ערגעץ א טרוים. א פאלק לאזט זיך גיין צו עפעס א גרונטאוונער זאך אדער ווען עס אנטלויפט פון רדיפות. גלאט אזוי, אין דער וועלט אריין, צוליב שיינע רייד וועט דאס פאלק ניט לאזן זיך גיין.

— לערער אברהם! אבער דעם גרונט דארף מען דאך גרייטן און שאפן און בויען און ניט קומען צום אלעם פארטיקן.

— יא, זיכער, מאירל! א פאלק איז ניט קיין אידעם אויף קעסט. אבער א פאלק, וואס מען רופט אים צו א נייער נחלה, דארף זיכער זיין, אז די נחלה איז זיינע און זי וועט אים קלעקן פאר אלע זיינע ברידער די פופצן מיליאן און פאר זייערע קינדער און קינדסקינדער און ניט בלויז פאר א הייפל אויסדערוויילטע. און דערנאך דארף זיין זי־כער דאס פאלק, אז פון זיין הארעוואניע דעם ברויט וועט ער געניסן אליין. איז דען דא א גרונט אין ארץ ישראל פאר דעם? קאן מען היינט רופן דאס גארע יידישע פאלק לאזן זיך גיין קיין ארץ ישראל? און פאלגן וועט דאס יידישע פאלק, ווען מען רופט אים אפילו צום גיין? זיכער, אז ניט.

ביידע, אברהם און מאיר, בלייבן שווער פארטראכט.

— יא! — צעשלאגט אברהם דעם שווייגן, — ביז צו דעם יידישן פאלקישן אויסוועג, וואס ער זעט זיך ניט אן ביי היינטיקן טאג, בלייבן מיר זיצן אין דעם סאוועטישן נידערטרעכטיקן, בלוטיקן צוואנג. יידישע פאלקישע דורות וועלן טראגן אויף זיך און אין זיך דעם שווערן גרויזאם און גרויל פון אונדזער יידישן „דערוויילי".

— לערער אברהם! און דער גאנג פונעם יידישן

הארעפּאַשנעם פאָלק אוועלכער זאָל זײַן בײַ אַט דעם "דערוויל" ?

— איך מאָל זיך ניט, מאירל, קלאָר. הײַנט וויל איך אַז ברוויזן און רודערן און שטורעמען זאָלן יידישע פאָלקישע הערצער פון דערווידער, פון צאַרן, פון האַס און פון פײַנטשאַפט צו דער בלוטיקער מאַכט. איך וויל, אַז גערופן זאָלן אויפשטיין בײַ יעדן פאָלקס־מענטש אין האַרצן אין זײַנעם:

— אינזיך, אין האַרצן אין דײַנעם שטיי אויף, מײַן יידישע פאָלק לײַדנשאַפטלעך, לײַדנמוטיק, לײַדנדרײַסטיק, לײַדנפאָלקיש, לײַדנמענטשלעך!

און נאָך וויל איך: — האַלט אברהם זײַן געדאַנק. — בײַ דעם גרויליקין ייִדיש־מענטשלעכן פאָלקישן פײַן ניט דערמאָנט זאָל ווערן מער, ניט גערופן זאָל ווערן מער דאָס ייִדישע פאָלק צו אַ זעלבסט־קרבן־געפאַלנקייט פאַר בלוטיקע רוצחים. אין דײַן שטוב, ווען עס באַפאַלן דיך רוצחים, זאָל דײַן אויסגעשטרעקטער אָרעם און דײַן קרעפטיקע האַנט ברעכן די ביינער דעם באַפאַלער, און ווען נייטיק איז, זאָלסטו ניט פאַרלאָזן דײַן ייִדישן שכן מיט הילף.

— דאָס איז מײַן טרוים און מײַן פאָלקישער ווונטש בײַ דעם גאַנג אין דעם "דערוויל". נאָר אַ וועג זאָגט זיך ניט פאַרויס, און גייערס באַשטייען זיך.

אַ ווײַלע דערנאָך זאָגט אברהם:

— אין ווינטש מײַן ייִדישן פאָלק בײַ דעם גרויליקן

דערווייל־וועג ביי זיינעם טראגן אין הארצן זיין איי־ביקן לעבנס־געראנגל און האפן, ווען אפילוביים אפגיין מיט בלוט פון דער פארמאסטענער האק, אז אייביק וועט לעבן דאס יידישע פאלק.

— איך ווינטש מיין יידישן פאלק טראגן מוטיק און קרעפטיק און פריי דעם יידיש־מענטשלעכן כבוד זיינעם ביים שטיין און ביים גיין, ביים טאן און ביים שאפן זיינע דערהויבענע יידיש־מענטשלעכע ווערטן.

— איך ווינטש מיין יידישן פאלק טראגן אויך ווייטער אין דורות אריין זיין אלטן דערהויבענעם אייגנס: אינאיינעם מיט יידן צו זיין און זיך קיינמאל ניט שיידן מיט יידן, הארציקייט, ליבשאפט צו יידן, און קיינמאל ניט לאזן פאלן א יידן ביי נויט און ביי פיין.

— איך ווינטש מיין יידישן פאלק א נאכאנאנדיקן אויפשטאנד: א יידיש־גייסטיקן, א מענטשלעך־מאראלישן, אן איינהייטלעך־פאלקישן, א מוטיק־קרעפטיקן, א פריינדשאפטלעך־דערהויבענעם. אזא ווינטש איך, זאל זיין מיין הארעפאשנע יידישע פאלק ניי דעם "דערווייל"־וועג ביי זיינעם. איך ווינטש יידישן כבוד פארן יידישן פאלקס־מענטש און כבוד פארן יידישן פאלק.

— טראגן אין הארצן אין זיינעם זאל יעדער די געבאטן:

— א ייד בין איך! א מענטש בין איך! א פאלקס־מאן בין איך, און מיין פאלק איז דאס יידישע הארע־

פאשנע! ליבשאפט און הארציקייט צו א יידישן פאלקס־מענטש און צום יידישן הארעפאשנעם פאלק! פריינד־שאפט צו פרעמדע פעלקער, וואס טראָגן פריינדשאפט צו דיר! קעגנערשאפט צו שונאים!

## 16

— מלחמה!... די דייטשן גייען!...

ענג איז געווארן פון מענטשן אויפן ברייטן שליאך. יידן אנטלויפן. אויגן, צעעפנטע ברייט פון בהלה. פארצאפלטע בליקן אין ערגעץ אריין, דארע גופים, מיט קרועה־בלועה באדעקטע, און איבער די געבויגענע רוקנס פעקלעך און קינדער, קינדער אויף די ארעמס, קינדער ביי די הענטלעך, קינדער ביי די קליידלעך, כליפענדיקע, וויינענדיקע, רופנדיקע. יוגנטלעכע פירן אונטער די ארעמס די עלטערע טאטעס און מאמעס, זיידעס און באבעס, א קרעכצנדיק, זיפצנדיק, וויינענ־דיק, כליפענדיק, בהלהעדיק טרעטנדיקער מענטשן־שטראם, געשטופט פון איין הארץ־געשריי:

— אנטלויפן! אנטלויפן! ראטעווען זיך!

ביים שטעטל בלייבט שטיין דער מענטשן־שטראם. ער טוליעט זיך צו אין א זייט, ציט פאמעלעך אראפ פון די אויסגעמאטערטע פלייצעס צוערשט די פעק־לעך און פאלן צו דערנאך מיטן אפגעשוואכטן לייב צו דער ערד, צו דער גראז, און זאלן אפגיין די

געשוואלענע פיס, געבן א שלוק וואסער צו די פאר־שמאכטע קינדערשע ליפן און א שטיקעלע טרוקענעם ברויט און געבן זויגן די דארע ברוסט פאר דעם קליינוואָרג.

און גלייך, ניט געוואָרט, ניט געבעטן, ניט גערופן, שלעפט סלאבאדקע פון אירע הייזקעס ארויס קאַנען און קענדלעך מיט קאכיקן וואסער, און א בולבינקע א ווארעמע און א גרינע ציבלקע און א קווערטעלע ציגענע מילך און ציט דאס אלץ צו די צוגעפאלענע מענטשן.

— פונוואנען און וווהין גייען יידן? און אליין ניט געוואָרט אויף אן ענטפער, שטרעקט אויס סלאבאדקע די פולע דלאניעס און:

— נאט אייך א קווערטעלע מילך פארן קינד!

— א לוסטעלע קארענעם ברויט, און צו געזונט זאל אייך זיין!

— און מיט א ווארעמער בולבינקע און מיט א גרינער ציבלקע פארבייסט!

— אויף מער האט קיין פאראיבל ניט: וואס אין הויז, אלץ ארויס!

און ווען געשטילט האט א ביסעלע דער געכליפּ און געקרעכץ און געקומענע ווייבערשע ליפן האבן גע־שעפטשעט קוים פון טרערן ארויס:

— אוי יידן, יידן! ווו נעמט מען נאך אזא פאלק ווי יידן?

האבן געקומענע מאנסביל געפרעגט:

— ווי זיצט עס רואיק א שטעטל מיט יידן, ווען דער דייטש יאגט נאך?

— און די גוים מאכן פאגראמען איבער די פאר־בליבענע יידן.

און ווען די יידישע פליטים האבן אוועקגעשפאנט ווייטער מיטן שליאך, האט זיך גענומען א צעטומלעניש ביי דער שטעטלדיקער מאכט. לאדן גענומען אויף אוטאס האבן די מאכט — האבער זייער האב און גוטס, פערענעס, קישנס, מעבל און קינדער און ווייבער און געגנדז און ענדיקעס און הינער און חזירים מיט שטייגן אינאיינעם און מיט א צערודערטן עופות און חיות און קינדער־געפילדער ארויס פונעם שטעטל.

— אויף הפקר געלאזן דאס שטעטל!

— אויף פאגראמען! — זאגט סלאבאדקע.

— אהרן! קום גיכער! אויפהייבן לאמיר גאנץ סלאבאדקע, זיך לאזן גיין און ראטעווען דעם לעבן.

— וויאזוי, אברהם?

— צונויפנעמען גלייך זאל מען דאס סאמע נייטיק־סטע, הייסן די באלעגאלעס שפאנען די פערד אין וואגן פאר די קליינווארג און זקנים, מיטנעמען דאס פאראנענע ברויט, נעמען קאנען מיט וואסער, צעשטעלן די יונגע צו די ארעמס פון עלטערע מענטשן און גלייך לאזן זיך גיין מיטן שליאך צו דער באן־סטאנציע. און

דארטן וועט מען זען. מיר זיינען ניט איינע אנטלא־
פענע. ראטעווען דארף מען סלאאבדקע. היינט שטייט
אונדז דער איינציקער אויסוועג:

— אפטרעטן! אנטלויפן! זיך ראטעווען! און ניט
צו פאלן טויט! א ווידערשטאנד וואלט באדייט אומקום.

און גלייך: פון געסל צו געסל, פון שטוב און צו
שטוב:

— חברים! ברידער! אנטלויפן! יזך ראטעווען!

כאפט אויף סלאבאדקע מיט ציטער און גלויבן:

— אברהם און אהרן ווייסן וואס זיי זאגן!

אין שולן און קלויזן און שטיבלעך, אין סאוועטישע
קלייטן, אין גאסן און הייזער האבן יידן אויסגעלייגט
אנדערש:

— נישקשה! אן אומזיסטע בהלה! ביי דער ערשטער
מלחמה האבן די דייטשן געלאזט לעבן יידן און גע־
לאזט האנדלען און פארדינען. און היינטיקע דייטשן
זיינען אויך מענטשן.

— זאל זיך גיין דער המון פון סלאבאדקע! וויניקער
מיט א טויזנט פרעסער וועט זיין!

ארויס איז סלאבאדקע מיט איר האב און גוטס דעם
טייערסטן — מיט די קינדער, און מיטן שליאך אוועק־
געשפאנט צו מזרח צו, צו דער באן. געפירט און
געמונטערט פון אברהם דעם לערער און אהרן דעם
בויער.

און דערנאָך דריי יאָר נאָכאַנאַנד אין טיף ראַסיי. און ביי דער אַרבעט אין קאַלכאַזן האָט סלאַאַבדקע געשטעפּט און גענייט און געניטשעוועט און געשטאָ־בעט און געטעסעט און געהובלט און געקאַוועט און געפיילט און געבלעכערט און געפאַרבט און היי גע־שאַרט און ברויט געדראָשן און קי־שטאַלן געראַמט. און ביי דער אַרבעט אין די קאַלכאַזן האָט סלאַבאַדקע געפילט לעבן זיך אירע צוויי צאַפּלדיקע הערצער, אַבּרהמס און אַהרנס, וואָס מיט זיי וועט מען גיין און מיט זיי וועט מען גאַנץ זיין.

און קאַלכאַזניקעס האָבן געזונגען:

— יידן! קומט מיט אונדז אויף שטענדיק צו לעבן!

— — — — — — — — — — — — —

פאַרבענקט האָבן זיך סלאַבאַדקער יידן נאָך זייער סלאַבאַדקע, נאָך די אייגענע אַלטע נידעריקע הייזקעס זייערע, נאָך די ענגע קרומע געסלעך, נאָך דער סלאַאַבדקער היימלעכקייט. אַ בענקשאַפט ווי נאָך אַ האַרציקער מאַמען, וואָס מען האָט זי שוין אַ צייט ניט געזעען.

און ניט דערפאַר האָבן זיך די סלאַבאַדקער פאַר־בענקט און עס האָט זיי ציען גענומען צוריק דערפאַר, וואָס דאָ אין די קאַלכאַזן איז זיי ניט מיט אַלעמען. ביין, און אַדרבא, וואָס פעלט, און ניט צו פאַרזינדיקן.

מען הארעוועט יעדער וואס ער קען און וויפל ער קען, נאך זיינע כוחות נאך. און זאט זיינען אלע מיט ברויט און בולבע און מיט מילך און מיט פריוואריק. עס איז טאקע ניט גרינג צוגעגאנגען, ביז באלמעלא־כעס האבן זיך אריינגעארבעט אין דער קאלכאזנער באלעבאטישקייט. מיט זייערע אייגענע פאכן האבן די סלאבאדקער באלמעלאכעס אויסגענומען ביי די קאל־כאזניקעס און צופרידן זיי געשטעלט.

אברהם דעם לערער איז אנגעגאנגען דער עיקר דאס צווישנאנאנד פון רוסישע פויערים און יידישע באל־מעלאכעס. זיך צוגעהערט האט אברהם צו פריוואטע פויערשע שמועסן אין כאטעס און ביי א פויערשער מסיבה. איינע לויב־ווערטער האט געהערט אברהם וועגן די סלאבאדקער יידן פון פויערימס מויל. נאכ־געפרעגט האט זיך אברהם ביי די סלאבאדקער, צי איז צו זיי ניט געפאלן ווען א בייז־פיינטשאפט־געפיל פון א פויער צום יידן. קיין איין פאל ניט. יידישע הארעפאשנע באלמעלאכעס האבן ניט אנגערירט פון דעם הארעפאשנעם רוסישן פויער קיין אומזיסטן שטיקל ברויט. און געהארעוועט האבן יידן אויף זייער אייגענעם שטיקל ברויט באגלייך מיט די פויערים. איז קיין פיינטשאפט ניטא פונעם קריסט צו דעם יידן. פיינטשאפט פונעם רוסישן פויער צום יידן הייבט זיך אן דארט, ווו דער פויער ווערט באשווינדלט דורך דעם יידישן הענדלער ביים קויפן און פארקויפן. דאס איז

די ערשטיקע סיבה פון פיינטשאפט צו יידן. אין שטאט קומט עס פיל קאמפליצירטער.

און ווען אין איינעם א טאג איז אין די קלאכאזן אראפגעקומען אברהם דער לערער און ווען דערפרייט האבן זיך די סלאבאדקער מיט זיין קומען צו זיי, און ווען נאך ניט באוויזן האבן זיי צוקומען צו אים מיט זייער בענקשאפט, האבן זיי דערהערט פון זיין צע־שמייכלטן מויל:

— ברידערלעך, חברימלעך! עס בענקט אייך ניט דאס הארץ נאך סלאאבדקע?

צעפילדערט האבן זיך ווייבער דערפרייטע.

— אוי, ווי פארבענקט האבן מיר זיך, לערער אברהם, נאך אונדזער סלאבאדקע, ווען איר וואלט וויסן!

— אבער ווען וועלן מיר דערהארן אנצוקוקן אונדזער סלאבאדקע?

— דערלעבן אריינצוקריכן ווידער אין דער אייגענער שטיבעלע אריין! — ווישט טרערן א יידענע.

— מיר וועלן דערלעבן, שוועסטערלעך, געזונט זאלט איר מיר זיין! ווי איך בין א ייד, אז מיר וועלן דערלעבן! און טאקע באלד! און זאל מען זיין גרייט. איבערמארגן קומען מיר נאך אייך, און מיר לאזן זיך אין וועג אריין צו סלאבאדקע.

— צופוסנס אפילו, אבי קיין סלאבאדקע! — רופט זיך אפ א יידענע.

— אזוי שיין איז סלאבאדקע? — צעשמייכלט זיך אברהם.

— זי איז מיינע, די סלאבאדקע, און מיר איז זי שיין. — ענטפערט די יידענע הארציק.

— מען געוווינט זיך, ווערט שיין. — זאגט יוסף דער שמיד.

— אן אייגענע שטוב איז ווי אן אייגענע ווייב. — שמייכלט בערל דער שוסטער. — ס׳איז א רחמנות צו פארלאזן זי.

— דער עיקר: געזיכערט מיט אן אייגענעם דאך איבערן קאפ. — זאגט נאטע דער שוסטער.

— און מיט הונגער און נויט געזיכערט! — זאגט אריין יאסל דער שטעפער.

— ברידערלעך, חברימלעך! — רופט זיך אפ אברהם דער לערער. — אין סלאבאדקע האבן מיר דלות און נויט, באדעקט מיט אן אייגענעם דאך אי־בערן קאפ. איז לאמיר גיין זוכן בעסערס. לאמיר זיך לאזן גיין קיין ארץ ישראל צו אן אייגענעם יידישן לאנד, וועלן מיר האבן דארטן ביידע זאכן: א דאך איבערן קאפ און זאט זיין מיט ארבעט און מיט ברויט, און אויסלעבן זיך מיט יידן אינאיינעם. א יא? לאמיר גיין גלייך אהינצו און ניט פארקערעווען צו סלאבאדקע.

אפגעאטעמט שווער האבן אלע און שווייגן געבליבן.

— אט איז פאר דער מלחמה אוועק א חברה יוגנט־לעכע פון שטעטל קיין ארץ ישראל, און זיי לאזן זיך הערן מיט גוטע בריוו פון דארטן. איז לאמיר זיי נאכטאן און גיין.

— ביי לייטן פונדערוווייטן איז אלץ גלאנציק און אלץ גאנציק. — רופט זיך אפ פארטראכט בערל דער שוסטער. — און נאענט אז מען קומט, הערט מען, ווי עס פייפט דער דלות מיט א זיסלעך ניגון.

— מיר, די סלאבאדקער ידן, — רופט זיך אפ אהרן דער בויער, — די פראסטע באלמעלאכעס די הארעפאשנע, דארפן זיך גרונטעווען ניט בלויז מיט א דאך איבערן קאפ, נאר דער עיקר מיט א מענטשלעכן באגיין זיך מיט אונדז און מיט א ברידערלעך — ידישן געפיל צו אונדז. און זאט זיין מיט ארבעט אודאי. און דארטן, אין ארץ ישראל, וועט הערשן איבער דעם פראסטן הארעפאשניק ווידעראמאל דער גביר און דער באלעבאס פון פאבריק מיטן רב אינ־איינעם, די דרייגארנדיקע קאאמנדע, די גוט באקאנטע, וואס האט אונדז פיינט ווי די שפינען. איז וואס זשע זאלן מיר בייטן: גוישע פיינטשאפט אויף ידישער פיינטשאפט? און גלייכן זיך צו דער יוגנט, וואס איז אוועק קיין ארץ ישראל, קענען מיר ניט. זיי זיינען בארופן געווען פון זייער הארץ און נשמה, און מיר טוען מיטן קלארן זינען.

— און אזוי גרויס איז דאס ארץ ישראל, עס זאל אריינבעמען אלע יידן פון דער גארער וועלט, און ארבעט זאל קלעקן דארטן פאר אלעמען? — פרעגט נאטע דער שוסטער. — א, לערער אברהם? דו דארפסט דאך וויסן?

— אויב די ציוניסטן זאגן, אז יא, איז ווייסן זיי מסתמא וואס זיי זאגן. — ענטפערט אברהם. און געשוויגן א ווײַלע, זאגט ער:

— און דערווייל, און ביז ארץ ישראל, לאמיר גיין קיין סלאבאדקע, חברים. צו אונדזער סלאבאדקע אריין.

— — — — — — — — — — — — — —

פון דער באן־סטאנציע ביז צו סלאאבדקע צופוסנס איז פאלג מיך א גאנג. אבער ווער טראכט עס פון מידקייט, אז אט קומט מען צו צו די אייגענע כאטקעס.

און ביי די כאטקעס, ווען מען איז צוגעקומען צו זיי נאענט, איז מען שטיין געבליבן צעשוידערט. ווען דערזעען האט מען: אויסגעהאקט, צעבראכן, צע־שמעטערט זיינען פענצטער און טירן אין הייזקעס, און פון איבער די שוועלן לויערט א ליידיקייט, א פינצטערע פוסטקייט, און אין די הייזקעס צעקלאפט און צעבראכן אויף שטיקלעך ליגן ווארשטאטלעך צום דיל, טישלעך און בענקלעך און אלמערס, צעהאקטע אויף שפענדלעך.

— כשרע ארבעט פון כשרע רוסישע פאגראמטשי־
קעס ! — זאגט אהרן דער בויער.

— אבי גאנץ מיטן לעבן ! — רופט זיך אפ ירוחמה.

— מען וועט לעבן, וועט מען דערלעבן.

אפגעברענט איז דער אויבערשטער מארק. צו צוויי רייען פארסמאליעטע קוימענס אויף די געוועזענע גאסן. קופעס שווארצע ציגל, האלאוועשקעס און מיסט. א מאדנע שטילקייט אין גאסן. אלטע יידן און ווייבער, געבויגן איבער די שטעקלעך אין האנט, און אלע אין שטעקשיך, און אלע מיט איין וועג, מיטן זייטיקן געסל צום בית עולם.

— תשעה באב זאל היינט זיין ?

פון אירע צעשעדיקטע הייזקעס איז סלאבאדקע ארויס און אוועק צום בית עולם. אברהם און אהרן גייען מיט אלעמען אינצווישן. דעם טייכל אריבער און בארג־ארויף צו דעם וועלדל. אין שמאלינקן געסל איז ענגלעך פון מענטשן. אויגן, פארלאפן פון טרערן, און בליקן געפאלענע צו דער ערד. צאפלען אויף דארע גופים. א קוים געשטיקטער געוויין. די אויגן א וויש מיט דער האנט, מיט דער צעפענטער דלאניע אריבער. די פיס קוים וואס זיי טאפען. און נעענטער צום וועלדל א וויין־געוויש, ווייטע צעריסענע וויי־געשרייען און גערופן. פלאצן אויף קולות פון צאפלדיקע הערצער אנטקעגן ארויס פון די גייערס ארויף און צעשוועבן זיך צו איין ארומיקן געשריי־געקלאג. קוים צוגעקומען צו

דעם קיילעך ערד מיט די איינגעפאלענע ראנדן און ארויסגעשטעקטע פאַרדארטע צווייגן, אט ווי קינדערשע הענטלעך, פאלן די קני צו דעם גרוב צו. פון צעבראכענע הארץ־גערופן פלאצט אויף דער ערדישער קיילעך:

— מאמעלע מיינע! מיין לעבן פאר דיינעם, ווען איך קאן!...

— אינאיינעם מיט דיר, מיין הייליקער טאטע, ווען איך פאל!...

— קינד מיינער! מיין ליכטיקער שטערן!...

— אל מלא רחמים שוכן במרומים! — האט זיך צערופן אן אלט־וויינענדיקער ציטעריקער קול. צום הימל האט אויפגעריסן דאס געוויין פונעם מענטשנ־ארום.

— — — — — — — — — — — — —

ארויסגעשלעפט דעם מיסט פון שטוב האט אהרן אינאיינעם מיט דיביידע זין זיינע, מיט מאירן און מיט מאטלען. ירוחמה האט גלייך נאך זיי געוואשן דעם דיל. און ווען ברעט צו ברעט אויפן דיל האט שפיגלען גענומען מיט ווארעמען זויבערן גלאנץ, האט ירוחמה אויסגעגלייכט דעם רוקן, אויסגעדרייט און אויסגעפרעסט דעם וואסער פון וואש־טוך און אים געהאלטן מיט דער געפאלענער האנט, איז זי שטיין

געבליבן אין מיטן שטוב, א לאנגע ווײלע פארטראכט און פארגליווערט. די בליקן זײנען אירע געפאלן צו די לײדיקע פענסטער־לעכער, צו די צעהאקטע טירן, צו דער לײדיקײט אין שטוב. דאס הארץ נעמט איר קלעמען איבער דער חורבהשאפט. מיט דער פרײער דלאניע װישט זי די טרערן.

— ירוחמהלע, װאס װײנסטו? — פרעגט אהרן שטיל־הארציק. — פרײען זיך דארף מען. געקומען אהײם צו אונדזער אײגענער כאטקע, װי צו א מאמען געקומען. אלט און חרוב איז די מאמע, װעלן מיר, די קינדער אירע, באנײען און באפוצן זי, װי עס טוען קינדער. װאס װאלטן מיר געטאן, װען מיר טרעפן דא אן אפגעסמעליעטן קוימען אן אײגענעם אט װי אויבן אין שטעטל?

און געשװיגן א װײלע, פרעגט װידער אהרן:

— ירוחמהלע! װאלסט זיך געװונטשן איצטער אינגאנצן פארלאזן די חורבה אונדזערע און אװעק אין ערגעץ און זיך בויען א הײם פונדאסנײ? װאלסט גײן, װען מען רופט דיך דערצו?

— נײן, אהרן! — ענטפערט ניט געטראכט ירוחמה.
— זאל זײן א חורבה, אבער מײנע א געװוינטע, א באליבטע איז זי. מען װארפט דען א מאמע אן אלטע, װען אפילו זי איז ארעם און חרוב געװארן?! אין אט דער הײם האבן מיר א לעבן געפירט אין נויט און אין

פרייד, קינדער געהאדעוועט. פאר קיינע גליקן אין דער וועלט וועל איך זיך ניט שיידן מיט דער חורבה מיט אונדזערער.

און ווידעראמאל ווישט זי טרערן, ירוחמה.

— וואס וועלן טאן יידן, וואס זיינען געבליבן בלויז ביי די פארסמאליעטע קוימענס ביי זייערע ? — פרעגט אהרן זיך אליין אויפן קול.

— זיי טוען שוין, טאטע ! — ענטפערט מאיר. — איך האב זיי געזעען ארבעטן ביי די אייגענע קוימענס. אין זייערע קעלערס האבן זיי זיך ווינקעלעך געמאכט, אויפגעשטעלט, און זיי ווינען שוין דארטן ביי זיך. זיי ראמען אויף זייערע פלעצער און וועלן הייזער זיך בויען פונסניי. א סך טוען דאס שוין די צוריקגעקומענע.

— איז טאקע גוט, זונאק, וואס יידן קומען צוריק אין שטעטל אריין. — זאגט אהרן צופרידן. — יידן דארפן זיין אינאיינעם, און אז מען איז א ייד לעבן א יידן, איז די נשמה א יידישלעכע, און מען איז ניט עלנט. מערנישט ס'איז מיר א זארג : פונוואנען וועלן יידן ציען זייער חיונה ? די ארבעטער און די באלמעלאכעס ?

— זארג זיך ניט, טאטע ! — ענטפערט מאטל. — איך האב זיך געטראפן מיט אונדזערע ארבעטער. שטיין געבליבן גאנץ איז אונדזער פאבריק, און רויוואַרג וועלן מיר באקומען פון צענטער. און באלד נעמען מיר

זיך צו דער ארבעט. די מערהייט ארבעטער האבן זיך צוריקגעקערט.

— און באלמעלאכעס? — פרעגט אהרן. — וואס ווען טאן באלמעלאכעס? ווידער די קיבוצארניע מיט די גוים אינאיינעם?

— יא קיבוצארניע, ניט קיבוצארניע, — פאלט אריין אין די רייד אברהם דער לערער, — און דערווייל, ברודערל, האסטו אן עקסטרע באשטעלונג: נעם צונויף די בויערס און סטאליערס, זוך אויף די בוידעמס עגהילץ און פארריכט אויס פענצטער און טירן אין די סלאבאדקער הייזער. מענטשן דארפן דערהאלטן זייער נשמה אין דער ווארעם. און באצאלט וועט זיין פאר דער ארבעט. מענטשן האבן געבראכט עפעס וואס פון די קאלכאזן.

פון סלאבאדקער קוימענס האט זיך געשלענגלט א וואנדער־זיסער טעם פון קארענע פלעצלעך.

## 17

עס האבן פארבייפארער יידן דערציילט, ווען מיט זייערע פורן זיך אפגעשטעלט א ווייַלע האבן זיי אין שטעטל א ביסעלע רוען ביי דעם איינפאר־הויז:

— טויזנטער און טויזנטער יידן, געראטעוועטע פון די דייטשן, פוילישע יידן אן א היים, אן א דאך איבערן

קאפ, האבן זיך געלאזט גיין מיט פארשיידענע וועגן קיין ארץ ישראל און זיך געראטעוועט מיטן לעבן. דארטן האבן זיי הייזער געבויט, וועגן געפלאסטערט, פארוואָרפענע ערדן צורעכטגעמאכט און געאקערט און געזייט און געשניטן און פרוכט־גערטענער געפלאנצט, און היינט לעבן זיי זיך אויס גליקלעך. עס קומען צו זיי צו נאך און נאך פון אנדערע לענדער, אויך אזעלכע פליטים, ווי זיי אליין.

דערציילט עס אברהם דער לערער פאר אהרענען.

— מיינסט עפעס צו זאגן דערמיט, אברהם? — קומט צו אים אהרן מיט א פראגע.

— אהרן! — רופט אברהם. — ווי מיינסטו: ווען מען רופט אונדזערע סלאבאדקער יידן, וואס זיינען איצט־א זיצן געבליבן אין חורבות, אן א שטאך ארבעט, אן א זיכערן שטיקל ברויט אויף צו דערהאלטן די נשמה, זיך לאזן גיין קיין ארץ ישראל, וואלטן זיי געגאנגען, א? ווי מיינסטו, אהרן?

— איך בין זיכער, אברהם, אז ווען די פוילישע יידן וואלטן נאך דער מלחמה געקומען צוריק צו זייערע היימען, אפילו אזעלכע ווי אונדזערע זיינען, וואלטן זיי פון פוילן אין ערגעץ ניט אוועק. אפילו קיין ארץ ישראל אויך ניט.

— אוועלכענע קראפט וואלט זיי געצויגן און גע־האלטן אין פוילן, אויב אזוי, אהרן? ווי מיינסטו?

— ניט נאך די פאליאקן וואלטן יידן געבענגקט. די אלטגעזעסענע היים מיט אירע אלט־באליבטע געוווינהייטן, און ברודערשאפט פון פוילישע יידן, און יידישע ליבשאפט און פריינדשאפט, און דאס יידישע ווארט, און פוילישי־יידישע לעבן און שטייגער. און ווען די באליבטע פויליש־יידישע היים איז צו אש געווארן, איז פאר די יידישע פליטים איין אויסוועג געבליבן: א מקלט־היים אין ארץ ישראל און טיילווייז אין אנדערע לענדער. ניט קיין אידיי, די רעאלקייט האט זיי געטריבן דערצו.

— און מיר דא, — זעצט פאר אהרן, — ווען מיר רופן היינט די סלאבאדקער באלמעלאכעס אונדזערע לאזן זיך גיין קיין ארץ ישראל, שטעלן זיי אונדז איין פראגע:

— וואס וועלן מיר האבן דערפון?

א פאלק ווייס פון אידייען בלויז פון רעאלע און צוועקמעסיקע, פון קיין טרוימען האלט ניט דאס פאלק.

און נאך א ווײלע שווייגן זאגט ווידער אהרן:

—ווייסטו וואס, אברהם: פרווו זיך ריידן מיט אונדזערע באלמעלאכעס, וועסטו הערן, וואס זיי וועלן דיר ענטפערן דערויף.

— איך וועל פרווון, אהרן. — ענטפערט אברהם. קען זיין ניט היינט און ניט מארגן, נאר ריידן וועל איך.

## 18

אויף סוכות צו טאטע־מאמען צוגאסט פארן אראפ ביידע זין אהרן דעם בויערס מיט זייערע געזינדן, מיט די שניר און צוויי קינדערלעך. דער טאטע אהרן האט א ביסעלע אפשיי פאר די זין, און ער רופט זיי ניט מער שלמהקע און שימעלע, נאר מיטן פולן נאמען: שלמה און שמעון. מערנישט די מאמע ירוחמה שעמט זיך ניט פאר זיי און רופט נאר ביי זייערע קינדערשע נעמען, ווי אמאל זי האט זיי גערופן. און די שניר אויך דאס אייגענע: ריװעלע און גיטעלע. מילא, די זין אירע איז דאך ניט שייך. דאס הארץ ירוחמהעס קוועלט אן פאר נחת צוקוקנדיק צו די שניר. אייגענע ווייבלעך, יידישע טעכטער, הארעפאשניצעס, באלמעלאכישע קינדער. ערשט אריין אין שטוב, קוים באוויזן צו צעקושן זיך און אנפרייען זיך, אז מען לעבט און מען זעט זיך געזונטערהייט, ווארפן זיי אראפ פון זיך דעם יומטוב און שוין:

— מאמעלע! וואס האבן מיר צו טאן? דעם דיל וואשן?

און ניט געווארט אויף דער מאמעס ענטפער, זאגט ריװעלע:

— ווו זיינען עס די ביידע שמאטעס און דער בעזים און דאס זאמד?

און צו די מאנען רופט ריוועלע:

— מאנסביל! זייט אזוי גוט און איך בעט אייך איבער אייער כבוד, און זייט מוחל און ברענגט אריין צוויי עמער וואסער פון ברונעם און נעמט ניט פאר אומגוט.

גיטעלע כאפט זיך צום בעזים און זאמד און זאגט:

— ריוועלע! דו ווייק אן דעם דיל, און איך וועל אים אויסרייבן מיט זאמד און בעזים, אפוואשן וועלן מיר דעם דיל ביינאנד.

די צוויי אייניקלעך, דודל און ליבעלע, שוין שול־קינדער, האָבן זיך שוין ארויסגעכאפט אין דרויסן, זיך צונויפגענומען מיט די שכנישע קינדער, און צעהילכט האט אין געסל א געקלאנג פון סלאבאדקער יידישע קינדערשע קולות.

ענגלעך איז אין אהרן דעם בויערס שטיבעלע. „א לעבן א גאנצן הייזער געבויט פאר די גביריו, און אליין ביי דער קליינער שטיבעלע געבליבן" — זאגט אהרן. און ירוחמה פארקערט: „ענג און ניט שטרענג!".
אויסגעפארריכט האט שוין אהרן זיין שטיבעלע, פענצ־טער און טירן צורעכטגעמאכט, אויסגעווייסט מיט פרי־שע וואפנע ארום און ארום און צונויפגעקלאפט דאך פיר טאפשאנעס צום שלאפן, ווייל די קינדער דארפן דאך קומען אויף יומטוב צוגאסט.

ירוחמה האוועט אין קיך ערב־יומטובדיק, שוין

געווישט די ערשטע און די צווייטע פריידיקע טרערן. דער טאטע אהרן האלט די פרייד אין זיך. ער באטראכט די זין איצט פונדאסניי און געפינט זיך אליין אין זייער הויכן וווקס, אין זייערע אנגעברוגזטע בליקן די ערנסטע און שטרענגליכע, אין דעם מיטאמאליקן צעשייבען זיך פון זייערע אויגן. דאס הארץ צעשפארט אים פאר נחת.

— מערנישט... — עקבערט אויף א געדאנק ביי אהרענען.

די ווייבער פארטרייבן די מאנסביל פון שטוב, און זאלן זיי ניט שטערן ביים ראמען.

אינדרויסן שפארן זיי זיך צו צו דער זוואלינקע. לויפן־צו גלייך די אייניקלעך, דודל און גיטעלע, און כאפן אן אהרענען פאר די קני.

— זיידעניו! — צעקלינגט זיך דודל. — און ווו איז די סוכה אונדזערע?

— יא, זיידעניו: די סוכה? — פרעגט נאך ליבעלע. כאפט זיי אהרן ארום ביידן און קושט זיי.

— אין פירהויז איז די סוכה אונדזערע. — ענט־פערט אהרן, ניט אוועקגענומען קושן די קינדער. — איך וועל אראפנעמען דעם דאך און מיט סכך באדעקן. וועט אונדז זיין א סוכה.

— אזוי גאר? — פרעגן די קינדער און אנטלויפן באלד צום שפילן זיך מיט די שכנישע קינדער.

— די קינדער ריידן ביי אייך יידיש ? — פרעגט אהרן, זיך קוים געוווּנדערט.

— א מאדנע פראגע, טאטע : וואס זשע דען זאלן זיי ריידן, ווען טאטע און מאמע ריידן יידיש ? און רוסיש מעגן זיי ריידן אין שול.

— אט דער דודל מיינער. — ווינקט שלמה צום קינד. — קומט ניט פון שול צעקלאגט און צעוויינט, וואס די רוסישע קינדער שלאגן אים און רופן אים זשיד, אזוי ווי עס קלאגן דערויף אנדערע געשלאגענע און גערופענע יידישע קינדער. ווען די רוסישע קינדער נעמען זיך שפּילן א שפּיל, וואס רופט זיך "זשידעס", און מיין דודלען הייסן זיי שטעלן צו זיין א זשיד און צו ווערן געשלאגן, שטעלט ער זיך, און ביי דעם ערשטן קלאפּ אין אים נעמט ער דערלאנגען קלעפּ אויפצוריק אין די ברוסטן און קעפּ פון די רוסישע קינדער. צעלויפן זיך יענע. און ווער עס זידלט זיך אפּ, כאפּט אים דודל און איז אים מכבד מיט א צוגאב. און פאר זיינע יידישע שול-חברים שטעלט ער זיך איין מיט זיין קלאפּ. און עס איז צו זעען, אז עס העלפט אים גאר נישקשה.

— ווער האט אים געלערנט, דודלען, זיך צו באגיין אזוי ? — פרעגט אהרן.

— איך האב אים געלערנט און געזאגט, אז א ייד

טאר זיך ניט לאָזן צו בלייבן געשלאָגן. א ייד דאַרף זיך שטעלן פאַר זיך און פאַר זיין יידישן חבר.

שטילט אים, אהרענען, אין האַרצן דער געהאַט אויפגעבראָזטער געדאַנק זיינער וועגן די זין: וואָס זיינען זיי: באַלמעלאָכישע, פאָלקישע יידישע מענטשן אָדער פאַרגוישט געוואָרן דאָרטן, פאַרבאַלשעוויקעוועט זיך, אַריין אין די פעדערן און פאַרקאָמיסאַרעוועט זיך, און באַלעגופים געוואָרן איבער דעם אַרבעטער, און טראַכטן וועגן יידן איז ניט שייך שוין.

קווענקלט זיך אהרן: ווי קומט מען צו דערוואַקסענע קינדער מיט אַזעלכענע פראַגן?

און דאָ גלייך האָט דערהערט און דערזעען סלאַבאַד־קע די אַנגעלייגטע געסט אהרן דעם בויערס, די געקומענע פון מאָסקווע. קומען שכנים צוגיין צו אהרנס שטוב, רוקן ברייטע דלאַניעס מיט א "שלום עליכם!" צו די זין, און צו אהרענען:

— מיט ליבע דיר דיינע געסט, אהרן!

— מיט ליבע זאָלן מיר לעבן, יידן!

באַלד קומט אברהם דער לערער און באַגריסט זיך האַרציק מיט די זין. ענגלעך ווערט אין געסל אַרום אהרנס שטוב, און נייגעריק זיינען יידן צו הערן עפּעס נייעס פון סאַמע צענטער געבראַכט. אברהמען דעם לערער גייט אָן באַזונדערס אַנצוטאַפּן דעם דופק דעם יידישן ביי די צוויי פאָלקס־יינגלעך פון שטעטל,

וואס זיינען היינט צו אינזשענערן געווארן, אפגעלעבט א צען יאר אויסער סלאבאדקע און צווישן גוים און ביי **דעם קאמוניזם,** און וואס זיינען אנדערע יידישע בחורים, ניט פון זייער באלמעלאכישן שטאנד, און וואס איז זייער אלעמענס וועג און אויסוועג, דער אידיישער און דער רעאלער. און אפשר ווייסן די זין אהרנס, וואס גייט אן מיט יידן אין ווייטע שטעטלעך, און וואס לאזט זיך עפעס הערן וועגן יידישער בילדונג, און צי דרוקט מען יידישע ביכער נייע, און צי לעבט זיך אויס א יידישער טעאטער אין מאסקווע.

קוקט אן אברהם די זין אהרנס און פרייט זיך: א באשיידנקייט ליגט אויסגעגאסן אויף זייערע געזיכטער, א שטיל מעסיק דערציילן אין א זאפטיקן סלאבאדקער יידיש.

— אהרן דעם בויערס יידישע זין! — טראכט אברהם צופרידן.

שטארקט זיך דער מענטשן־געזעמל ארום אהרנס שטוב. א דערוואַרטנדיקע שטילקייט און פרעגנדיקע אויגן פון צענדליקער אייגענע סלאבאדקער יידן. אברהם דערפילט עס. זיין הארץ רופט אים קומען צו זיי מיט א הארציקן וואַרט. דאס וואַרט ליגט שוין ביי אים אויפן האַצן נאָך פונעם לעצטן שמועס מיט אהרענען. און אנגעווייטיקט איז דאס וואַרט ביי אים, און לופטערן וויל אים אברהם אינאיינעם מיט יידן מיט זיינע, מיט די סלאבאדקער באלמעלאכעס.

— אברהם! זאג אונדז עפעס, אברהם! — רופט א שווער־הייזעריקלעכע עלטערע שטים.

— רייד צו אונדז, אברהם! — רופט א צווייטע שטים. — א צייט־לאנג האסטו ניט גערעדט צו אונדז.

— זאג אונדז, צי הערט זיך ניט א בעסערקייט אויף אונדז.

— ברידער מיינע! — רופט זיך אפ אברהם. — אט לאמיר זיך אריינטראכטן. געשטאנען זיינען ביי אונדז די טעג יידן פארבייפארער, און דערציילט האבן זיי, אז הונדערטער טויזנטער פוילישע יידן, אנטלאפענע פון היטלערן, געבליבענע אן א דאך איבערן קאפ, זיינען אוועק קיין ארץ ישראל. דארטן האבן זיי זיך הייזער געבויט, וועגן געפלאסטערט, ערדן צורעכט־געמאכט, געאקערט און געזייט זיי, און ברויט געשניטן, און וויינגערטענער געפלאנצט, און זיי פארגעסן אויף דעם געוועזענעם פלאג זייערן. וואלטן מיר אפשר אויך געלאזן זיך גיין קיין ארץ ישראל? ווארפן די חורבות אונדזערע, די דארע לוסטע ברויט מיט דער בולבענע מיטן דלות מיט אונדזערן, און דארטן אין דעם אלטן יידישן לאנד שאפן זיך א לעבן א מענטשלעכן און א יידישן, און אן פיינטשאפט און אן פאגראמען. לאמיר זיך באטראכטן, יידן!

שווייגן באלמעלאכעס און עטעמען שווער אפ.

— ביי לייטן פונדערווייטן איז אלץ גלאנציק און אלץ גאנציק! — רופט זיך אפ בערל דער שוסטער. —

און אז מען קומט צום ארט, בלייבט מען ביי דעם ווארט.

— דעם ריכטיקן אמת פון דארטן ווייס מען ניט. מען זאגט, אז וויסטעניש איז דארטן. וועלן מיר אקערן וויסטעניש און באקומען ביטערניש.

— וועט מען זיך מאטערן א ביסל. — רופט זיך אפ אברהם דער לערער. — עס איז דאך אבער אן אייגענע לאנד, אן אייגענע היים. איז ניט מיטאמאל בויט זיך א נייע היים.

— מיר זיינען דאך באלמעלאכעס, פראסטע יידן אן חכמות. מיר דארפן האבן ארבעט און ברויט און א דאך איבערן קאפ. און זיך אויסלעבן מיט יידן אינ־איינעם, הארציק און ברידערלעך.

— דארטן, אין ארץ ישראל, — רופט זיך ווידער אפ אברהם דער לערער — וועלן מיר אודאי זיין מיט יידן אינאיינעם.

— מיט וועלכע יידן אינאיינעם ? — רופט זיך אפ בייז אהרן דער בויער. — אט מיט די זעלביקע, וואס ביז ניטלאנג האבן זיי פראצענטן געריסן פון אונדז, וואס האבן אין זייערע פאבריקן געצויגן דעם שוויס פון דעם ארבעטער ? אט די רבנים, וואס האבן אונדז פארהאסט, ווייל אמהאראצים מיר זיינען ? מיט אט די יידן אינאיינעם, וואס וועלן ווידער געוועלטיקן איבער דעם פראסטן הארעפאשנעם פאלק ?

— קאך זיך ניט, אהרן ! — שפאסט נאטע דער

שוסטער. — וועסט קומען אהינצו, קיין ארץ ישראל, וועסטו דארטן גלייך מאכן א רעוואלוציע, און דו וועסט זיי פארטרייבן אין די טורמעס און לאגערן.

— אנגערעוואלוצעוועט גענוג האט מען זיך שוין דא! — ענטפערט אהרן צוריק.

— דארטן וועלן מיר יידן בלייבן. — רופט ווידער אברהם דער לערער. — און דא גייען אוועק פון אונדז די קינדער אונדזערע אין די גרויסע שטעט אריין און ווערן דארטן פארגוישט.

— פארגוישט ווערן די גבירישע קינדער, — רופט זיך ווידער אפ בייז אהרן דער בויער. — און באלמע־לאכישע קינדער בלייבן יידן. אט האסטו דיר צוויי מיינע יידישע קינדער און צוויי מיינע יידישע איי־ניקלך.

— ניין, אברהם! — רופט זיך אפ פונדערווייטנס מאטע דער בלעכער. — זאל זיך זיין א יידיש לאנד. אדרבא! מיר זיינען ניט קעגן. און זאלן פארן אהינצו די יונגע, אט די מענדל סטאלערס חברים, און זאלן גיין אהינצו די פליטים, אן א דאך פארבליבענע, און זאלן זיך לאזן גיין אהינצו די גבירים און פאבריקאנטן און רבנים. וועלן מיר זען דעם יושר און גערעכטיקייט, וואס עס וועט זיך דארטן געווען שאפן ביי זיי. און דעמאלט וועלן מיר זיך באטראכטן.

— און דערווייל, מאטע? — פרעגט אברהם דער לערער. — וויאזוי זאל זיין דערווייל?

— מאטערן זיך דא ווי מען קען. — האט מאטע געענטפערט.

צעגייט זיך דער עולם, און מערנישט אראפגערעדט זיך פון הארצן און געבליבן דערביי.

— אט האסטו דיר, אברהם, דעם באלמעלאכישן ענטפער אויף ארץ ישראל. — זאגט אהרן. — געזאגט האב איך דיר, אז באלמעלאכעס הארפן פאר זיך אנקוקן גרונטאווע זאכן און דערפילן צו זיך א הארציקע יידישע פאלק פון ברודערשאפט, גלייכהייט און גערעכטיקייט. און ערשט דעמאלט וועלן זיי זיך לאזן גיין קיין ארץ ישראל.

— ביי מיר ליגן אויפן הארצן דריי שטיינער: — ענטפערט אברהם. — איך וויל אויסקלארן צום גרונט וואס גייט דארטן אן, אין ארץ ישראל היינט און וואס מארגן. איך וויל זיך מאלן אונדזער יידישן דערווייל דא, אין רוסלאנד. אין פארמעסט זיך צו טראכטן איבער דעם יידישן מארגן דעם ווייטקומענדיקן.

און שווער געשוויגן א לאנגע ווילע, רופט זיך אפ אברהם צו אהרנס קינדער:

— יינגלעך! לאמיר וויסן, ווער און וואס זייט איר דארטן געווארן אין מאסקווע?

— פון שטעטל געקומען, — נעמט דערציילן דער עלטערער, שלמה, — האבן מיר זיך געשטעלט ארבעטן אין א גרויסער מעטאל-פאבריק און גענומען זיך צו טאקעריי. גלייכצייטיק אנגעקומען לערנען זיך אין א

טעכנישן אונט־אינסטיטוט אויף צו באקומען אינזשע־
נער־בילדונג. גארניט אזוי לייכט איז עס אונדז צוגע־
גאנגען: ארבעטן און לערנען זיך. און סיי ביי דער
ארבעט און סיי ביי דער לערע זיינען געשטאנען פאר
אונדז אייערע געבאטן, לערער אברהם און טאטע אהרן:
אין רוסלאנד דארף א ייד זיין אן ארבעטער מיט אר־
בעטער צוגלייך און קיינמאל ניט קיין קאמאנדיר
איבער די רוסן. אפילו אין מיליטער בעת דער מלחמה,
ווו מיר האבן רעכט געהאט לויט אונדזער בילדונג צו
זיין אפיצערן, האבן מיר זיך איינגעבעטן אין אונדזער
מעכאנישן טייל צו זיין בלויז מייסטערס מעכאניקער.
און דער געבאט האט אונדז זייער און זייער געהאלפן.
ביי דער שטילער פאגראם־כוואליע ביי אונדז אין לאנד,
וואס געשפארט האט פון אויבן אראפ, האט מען
באזייטיקט פון אונדזער פאבריק דעם דירעקטאר דעם
יידן, זיינע צוויי געהילפן בײדע יידן, דעם פארטיי־
סעקרעטאר דעם יידן, דעם שעף פון קאסטרוקטארן־
ביורא דעם יידן, און רוסן געשטעלט אנשטאט זיי. קיין
איין יידישן ארבעטער האט מען ניט באזייטיקט, קיין
איין צעך־אינזשענער ניט. די רוסישע ארבעטער אין
די צעכן האבן צוגעמורמלט צופרידן: אויס יידישע
הערשאפט איבער די רוסן! און ווען זיך געטראפן
האבן מיר מיט יידישע ארבעטער פון אונדזער צעך,
איז ביי אונדז אלעמען געווען אויף דער צונג: וואס
קריכן יידן צו געוועלטיקן איבער די רוסן? און ווער

זיינען עס אזעלכע די ייִדן, וואָס זייער נאַטור איז געוועלטיקן איבער יענעם? ניט אַנדערש, אַז גבירישע זינדלעך. באַלמעלאָכישע זין וועלן ניט קריכן צו געוועלטיקן איבער יענעם.

— הייַנט, — רופט זיך אָפּ אַבֿרהם, — ווען אַלע ייִדן פאַרלאָזן אַלע זייערע קאָמאַנדע־פּאָסטנס אין לאַנד, אפילו די מינדסטע, וועט עס אין אַ געוויסער מאָס לינדערן די רוסישע פייַנטשאַפט צו ייִדן אָבער ניט אויסוואָרצלען וועט זי אינגאַנצן. די הייַנטיקע רוסישע פייַנטשאַפט, גלייַך ווי די אַמאָליקע צאַרישע פייַנטשאַפט, איז געפלאָכטן פון עקאָנאָמישער קאָנקורענץ, מיט פּאָליטישע צילן פון דער מאַכט. הייַנטיקע פייַנט־שאַפט איז סאָוועטיש־מלוכישע פייַנטשאַפט, געפלאַנצט אויף דעם רוסישן פייַנשאַפטלעכן באָדן.

— ייִנגלעך! — פרעגט אַבֿרהם אהרנס זין. — און ייִדן זייט איר מיט ייִדן צוגלייַך?

שמייכלען די זין אהרנס, און שלמה ענטפערט:

— לערער אַבֿרהם! עס איז ביי אונדז קיינמאָל אַזאַ פראַגע ניט געשטאַנען. אונדזער ייִדישקייט איז אונדז נאַטירלעך און אליין פון זיך פאַרשטענדלעך. אונדזער ייִדנשאַפט איז אונדזער נאַציאָנאַל־מענטשלעכער אייגנס, וואָס מיר שטאָלצירן מיט אים. אונדזער פערזענלעכער גורל איז אַלעמאָל געבונדן מיטן גורל פונעם גאַנצן ייִדישן פאָלק, און ביי אַלע נסיונות אויף ייִדן וועלן מיר שטיין אינאיינעם מיטן ייִדישן פאָלק

און פאר דעם יידישן פאלק. און אונדזער קולטור־אייגנס איז יידיש מיט אלעם, וואס עס איז געשאפן אין יידיש. אינדערהיים ביי זיך און מיט די קינדער און מיט חברים און פריינד לעבן מיר זיך אויס דורכ־אויס אין יידיש. און מיין ייִנגל אט־א דער, דאס שול־קינד, דערלאנגט שוין גוטע יידישע קלעפּ די רוסישע חברים זיינע פאר דעם „זשיד".

— ייִנגלעך! — פרעגט ווידער אברהם. — און אייער וועלט־באנעס, אייער גלויבונג איז אוועלכע: א קא־מוניסטישע?

— ניין, לערער אברהם! פאר קיין פאל ניין! אי איך, אי שמעון, מיר בײדע האבן אונדזער לעבנס־גלויבן, אונדזער קרעדא: א ייד בין איך, א יידישער מענטש בין איך, מיין קולטור־אייגנס איז יידיש, מיין פאלק איז דאס הארעפאשנע יידישע פאלק.

— הארץ און קאפּ האט אונדז געפירט צו אונדזער גלויבונג. — רופט זיך אפּ שמעון. — און יידישע באלמעלאכיש־הארעפאשנע ירושה איז אונדז נאכגע־גאנגען און גייט אונדז נאך ביי אונדזער גלויבונג.

— און אייערע חברים און פריינד און באקאנטע יידישע יונגעלייט פון וואס האלטן זיי? — פרעגט זיך נאך דארשטיק אברהם.

— פארשיידענע זיינען זיי. — ענטפערט שלמה. — זין פון הארעפאשנע טאטעס זיינען אזעלכע ווי מיר, און זין פון געוועזענע גבירים און פאבריקאנטן גייען

ניט מיט אונדז און ניט מיטן יידישן פאלק. זיי טראגן זיך ארום מיט געדאנקען צו מאכן זיך א לעבנס־קאריערע אלס דירעקטארן. דאס יידישע פאלק גייט זיי קנאפ אן. און די קולטור זייערע איז א רוסישע. מערנישט לעצטנס, ביי דער אנטיסעמיטישער כוואליע, ווען מען זעצט אראפ פון זייערע פאסטנס די יידישע דירעקטארן, האבן זיך אט די אונדזערע יידישע רוסאקעס א כאפ געטאן צו זייערע יידישע הערצער און קעפ און זיך אליין פרעגן גענומען: ווער זיינען מיר.

— יינגלעך, ליבינקע מיינע! — פרעגט אברהם קוים געקווענקלט. — און... פון א וועג און אן אויסוועג טראכט איר ווען, איר און אייערע מיט אייך? איצט, ביי דעם ווילדן קולטור־חורבן פונעם יידישן פאלק, ביי דער נאציאנאלער אונטערדריקונג פונעם יידישן פאלק, ביי די ווייטערדיקע פאגראמען, וואס מען דארף דערווארטן, שטייען פאר אייך, פאר אייערע הערצער און קעפ אוועלכע ניט איז גורל־געדאנקען פארן יידישן פאלק אין סאוועטנפארבאנד?

— אודאי טראכטן אלע, און אלע מיר זוכן וועגן און אויסוועגן. נאר פארשיידן זיינען די טראכטענישן און פארשיידן שטייען די אויסוועגן ביי די פארשיידענע פון אונדז. די גבירישע זין די רוסאקעס די יידישע, וואס האבן זיך מיטאמאל צוגעכאפט צו יידישקייט, ווייל געבליבן געשלאגענע זיינען זיי, די האט אוועקגעצויגן זייער אלטער גרונט־באגער צו

מאכן א לעבן פאר זיך און זוכן זיך אן אויסוועג אין אנדערע לענדער, א פרווו טאן צוערשט דעם מזל אין ארץ ישראל, און ווען דארטן ניט, איז אין אמעריקע, אין קאנאדע, אין ניו־זעלאנד. און מיר און אזעלכע ווי מיר זיינען שטיין געבליבן, ניט אפצורייסן זיך פון אונדזער יידישן פאלק, פון די הארעפאשנע טאטעס און מאמעס פון אונדזערע. ציען א פאלק מענטשן קיין ארץ ישראל האט זיך ביי אונדז אויפן זינען ניט געלייגט. און אט היינט האבן דא לעבן אונדז א קנאפע הונדערט טאטעס געזאגט דאס אייגענע, אז ניט. מיר האבן גארנישט קעגן ארץ ישראל. זאל זיין א יידיש לאנד פאר די באפליגל־טע פון אים, פאר די אנטלאפענע צו אים, און דאס פראסטע יידישע פאלק איז ניט פון די באפליגלטע און ניט פון די אנטלאפענע. דאס פראסטע יידישע פאלק דארף האבן ארבעט און ברויט און אויסלעבן זיך יידישלעך מיט יידן אינאיינעם און אן פאגראמען. און קומען קיין ארץ ישראל וועט דאס פראסטע יידישע פאלק, ווען דארטן וועט קלעקן פלאץ פאר אלעמען און ארבעט פאר אלעמען, און ברידערלעך־הארציק וועלן יידן זיך אויסלעבן, גלייכע מיט גלייכע.

— און דערווייל, שלמהעלע ? — האקט אים איבער אהרן אומגעדולדיק. — וואס זאלן יידן טאן ביי דעם גרויליקן "דערווייל", וואס שפארט אן אויף אונדז און וועט נאך אנשפארן אויך ווייטער ?

— דערווייל זאל אנגיין א געראַנגל! — רופט זיך אָפּ האַסטיק שלמה. — א שטילער האַרץ און געדאַנקען־אויפשטאַנד און ווידערשטאַנד, באַפּליגלט פון דעם פּאַלקישן: יידן זיינען מיר! מענטשן זיינען מיר! א יידיש פאָלק זיינען מיר! קלענערע און גרעסערע גרופּעס יידן פון איין פאַמיליע און מער זאָלן זיך צונויפּ־קומען שטילערהייט אינאַווענט פרייטיק און שבת און יומטוב און אַראָפּריידן פון האַרצן דאָס אַנגעוויייטיקט־יידישע, און ביי א גלעזל טיי פאַרלייענען א ביכל פון געשיכטע פון יידן אָדער מינדלעך דערציילן פון לעצטנס פאַרלאָפענעם איבער יידן, אויב מעגלעך, זאָלן זיך צונויפקומען אַזעלכע מערערע גרופּעס אינאיינעם, און ביי דעם צונויפקום פעסט און קרעפטיק זיין ביי דער האָפענונג: אייביק וועט לעבן דאָס יידישע פאָלק! און קומען וועט דער טאָג, ווען דאָס פרייע יידישע פאָלק וועט אַרויס צו דער ברייטער און גרויסער וועלט עפנטלעך און אַרויסברענגען זיינע יידיש־מענטשלעכע געזעצן און געבאָטן און פאָדערונגען צו א פאָלקישן לעבן. און א ווידערשטאַנד זאָל זיך דערהייבן ביי די יינגערע און געענטפערט זאָל ווערן אויף רוסישער וואָרט־פיינטשאַפט מיט קעגן־וואָרט און אויף בלוטיקער פיינטשאַפט מיט אייזערנים פרענט. קעגן מלוכה־פּאָגראָמען רופן צוהילף די גרויסע יידישע וועלט.

געענדיקט ריידן האָט שלמה, און אַברהם. און אַלע אַרום אים זיינען זיצן געבליבן פאַרגאַפטע. אַברהמ׳ן

איז באפאלן א באזונדערע פרייד: ארויסגעכאפט האט שלמה זיינע, אברהמס, געדאנקען און אליין איז ער ווייט־ווייטער אוועק מיט זיי און אראפגעצויגן פון זיין ,אברהמס, הארץ דעם שווערן שטיין פון א וועג און אן אויסוועג פארן יידישן פאלק צו טראכטן. אויפן הארצן לייגן זיך שלמהעס געדאנקען. מעג זיין אפילו נאך ניט גענוג זיכערע און דאך ווארהאפטיקע און פאלקישע. און גרונטאווגע.

— שלמהעלע! — רופט זיך אפ אברהם. — האסט מיט וועמען פון דיינע פריינד זיך געטיילט מיט אט די געדאנקען דיינע?

— יא, לערער אברהם. — צוערשט האבן מיר באנאנד, איך און שמעון, געטראכט און דורכגעטראכט דאס אלץ. און דערנאך פאררופן האבן מיר צו זיך אונדזערע באעסטע פריינד און געבראכט פאר זיי אונדזערע געדאנקען. א פרייד האט זיי באנומען, אויב ניט נאך מער.

דערהערט פון דעם זונס מויל וועגן פאלקישן געראנגל און אויפשטאנד און ווידערשטאנד, האט אהרנס קעמפערישע הארץ אנגעקוואלן פאר פרייד. און מאירלס אויגן האבן איינפארליבט זיך געצויגן צום עלטערן ברודער.

## 19

— אהרן, ליבינקער מיינער! — טרויערט אברהם דער לערער. — אונדזער סלאבאדקע גייט אויס! אויבן — רייען פארסמאליעטע קוימענס, ווי שווארצע וועכטער איבער דער טויט-שטילקייט פון דעם פארברענטן שטעטל. אונטן דא פארשלאפטע טאטעס און מאמעס שלעפן זיך קוים ארום מיט געפאלענע קעפ און פאר־לארענע אויגן, און זייווארטן דעם טויט אויף זיך. און יונגע פארלאזן דאס שטעטל מיט די טאטעס און מאמעס אינאיינעם און צו די גרויסע שטעט אוועק.

— היטלער האט פארענדיקט סטאלינס ארבעט! — רופט זיך אפ אהרן דער בויער. — מיר זיינען די לעצטע אין שטעטל געבליבן... מיר וועלן אין ערגעץ ניט לאזן זיך גיין. די אייגענע כאטקעס האלטן אונדז דא און די אייגענע קברים. און די יונגע.... אודאי! זיי זיינען דאך יונגע, און דער וועג איז זיי אפן. און וואס האבן זיי דא צו טאן?! די צוויי עלטערע מיינע, שלמה און שמעון, האבן זיך צוגעשלאגן צו א תכלית. מיין הארץ גייט מיר אויס אויף מיין מאירן. ער זיצט אין שטעטל, פארטרוימט און פארטרויערט, און זאגן קען איך אים גארנישט.

— אהרן! ווו איז היינט צו טאג אונדזער ידישע הארעפאשנע פאלק? ווו איז היינט אונדזער ידיש־פאלקישער "אינאיינעם"? אט דער גרונט-כוח, וואס

האט אונדז אין אלע צייטן געמאכט פאר א פאלק און געשיצט און געשטיצט ביי אונדזער אייביקן דראנג און געראנגל צום לעבן און צו בלייבן לעבן נאך אלע בלוט־פארגיסונגען? זיך טרייסטן אינאיינעם, זיך מונטערן אינאיינעם, טרויערן, האפן און פרייען זיך אינאיינעם, א צעווייטיקטע הארץ איז ניט עלנט, ווען ברידערשע הערצער פאלן־צו צו אים. און א הארציק ווארט א ייִדיש פון הארץ צו הארץ, און א מאמעס וויג־ליד א ייִדישע, און א מאמעס וויי־געשריי א ייִדיש ביי איר לייבלעכן קבר, און א מיידלס ליד א ייִדיש ביי איר הארץ־געשריי צו איר געליבטן, ווו איז דאס היינט צו טאג, אהרן, ווען איינזאמע ייִדישע נשמות גייען ארום עלנט איבער די גאסן פון די גרויסע שטעט? און וואס איז א ייִדישע נשמה? דאס איז זיך א גאנצענע פאלק פארזיך. מיליא־נען איינזאמע ייִדישע פעלקער גייען ארום היינט צו טאג איבער די רוסישע גאסן אין די רוסישע שטעט, און זיי קענען ניט קומען צו זייער „אינאיינעם".

און געשטילט א ווײַלע פון זיין צערודער, רופט זיך אפ ווידער אברהם:

— אהרן! לאז אים גיין, מאירן דיינעם, צו דעם ייִדישן לאנד, ווו עס נעמט זיך צונויף היינט צו טאג דער ייִדישער פאלקישער „אינאיינעם". זאל מאיר אליין מיט זיין נשמה קומען צו אים און זיך באהעפטן מיט אים און אן אנזאג לאזן הערן צו אונדז פון א

יידישן פאלקישן הארעפאשנעם ברודערלעכן "איינ-איינעם", וועלן יידישע עלנטע פאלקישע נשמות זיך צונויפנעמען אלע צו יענעם "אינאיינעם". דיין מאיר איז א דערוואקסענער מענטש מיט א פאלקישן הארץ און קלארן מוח. דא ביים ארויספאר וועלן אים העלפן די ברידער אין מאסקווע, און דארטן וועט ער זיך טרעפן מיטן מיזיניק מיט דיינעם, מיט מיכלען. א וועגווייזער זיין וועט מיכל צו אים.

— ס'איז א גליקלעכער געדאנק, אברהם! — רופט זיך אפ אהרן. — ביז גאר א גליקלעכער.

## 20

אויפן מאסקווער אעראדראם אינעם דערווארטונגס-זאל איז צו מאירס בליקן צוגעפאלן א גרויסע גרופע מענטשן, מענער, ווייבער און קינדער, געריגלט מיט טשעמאדאנעס און מיט פעק און פעקלעך, און אלע אויפגעברויזטע, דערפרייטע, רירעוודיקע, הויכריידנ-דיקע צווישנאנאנד אויף א פלינקן רוסיש, מענטשן מיט איידעלע אויסגעפאשעטע געזיכטער און מיט יידישע אויגן.

— זעט אויס, ניט קיין פראסטע ארבעטער און באלמעלאכעס זיינען עס. — טראכט מאיר. — ס'איז צו זעען: הויכגעבילדעטע זיינען זיי זיכער, דאקטוירים, פראפעסארן, אינזשענערן. וווהין פארט עס אזא גרויסע גרופע מענטשן, א מאן הונדערט, ווען ניט מער?

מאיר זעצט זיך באַענט לעבן זיי ער לייגט זיין וואַליזקע צו די פיס און הערט צו אַן אויפגערודערט דערציילן פון מאַטערנישן ביים אַרויסבאַקומען די אַרויספאָר־פּאַפּירן, פון בייזוויליקער פיינטשאַפט פון רוסישע מיט אַרבעטער צו זיי, פון פיינטלעכער ביין־פרייד פון רוסישע שכנים ביים אַרויס פון די הייזער, פון פיינטשאַפט צו זייערע קינדער אין די שולן, פון אַראָפּ־זעצן פון הויכע פּאָסטנס, ווייל יידן איז מען, און ווען ניט די פאַרלאָרענע פּאָסטנס, וואָס וואָלט זיי געאַרט, און ווען ניט די פיינטשאַפט. און ווען עס קומט שוין צו רייד, מאַלן זיך איינע דעם האַרציקן אויפנעם דאָרטן אין דעם יידישן לאַנד, ווו יידישע ברידער וועלן אויס־שטרעקן צו זיי די אָרעמס מיט ילבשאַפט און טרייסט, און עס וואַרטן שוין אויף די בייגעקומענע ברידער די הויכע פּאָסטנס אויף די קאַטעדרעס און אין די קליניקעס, ווייל אין רוסלאַנד זיינען זיי דאָך געשטאַ־נען ביי די הויכע פּאָסטנס, און דאָס גאַנצע יידישע לאַנד וועלן זיי באַנייען און באַפרוכפּערן מיט זייער וויסנשאַפט, און זיך פאַראייניקן דאָרט מיטן אַלטן פאַטערלאַנד מיט דעם יידישן.

אַ פריילעכע שטימונג נעמט זיי אַלעמען, ווען זיי כאַפּן זיך צו צו דעם עסן און טרינקען און מכבד זיין איינע די אַנדערע.

עמעצער פון זיי באַמערקט מאירן זיצן באַענט צו זיי אין אַ זייט. עס רופט זיי, זעט אויס, מאירס בלאָס יידיש

געזיכט מיט די גרויסע אנגעכמארעטע אויגן מיט די צוגעפאלענע געדיכטע ברעמען, און דאס באשיידן אנטאן מאירס. גייט צו אים צו דער מענטש פון דער גרופע און פרעגט אים, וווהין ער פארט, מאיר. פרעגן פרעגט ער אין רוסיש, דער מענטש, און מאיר ענט־פערט אים אין יידיש, אז פארן פארט ער קיין ישראל. דערפרייט זיך דער מענטש און רופט צו זיך אויפן קול נאך מענטשן פון דער גרופע.

— נאך איינער פארט מיט אונדז! אט א דער יונגער־מאן!

מאירן רינגלען מענער און פרויען. זיי פרעגן אים אין רוסיש, און ער ענטפערט זיי אין יידיש, אז א פראסטער ייד איז ער, א יידישער פאלקס־לערער פון א יידישן שטעטל.

דערזעען דאס ארעמע אנטאן מאירס, זיין בלאסן פנים און אויפגעכאפט זיין יידיש ריידן, בלייבן די מענטשן ניט בייזיך, קנייטשן מיט דער נאז קוים באליידיקט און קערן זיך צוריק צו זייערע פלעצער. באלד ברענגען זיי צו מאירן שטיקלעך עסן און לייגן עס אוועק פאר אים אויף זיין טשעמאדאן. מאיר רירט עס ניט אן.

— געריכט זיינען געוועזן די עלטערע ברידער מיינע מיט זייער געדאנק וועגן די יידישע אינזשענערן, וואס זיי טראכטן מערבישט פון דער אייגענער קאריערע.

— קומט מאירן אויפן זינען. — אט זיינען זיי די,

וואס פארן קיין ישראל. נאך הויכע פאסטנס פארן זיי, און דאס יידישע פאלק אין ישראל דארף מאכן אווארע פאר זיי. צי וועלן אט א די יידן טראכטן וועגן וועגן דעם פראסטן הארעפאשנעם יידישן פאלק? מאנען כבוד פאר זיך וועלן זיי פון דעם פאלק און גרינגשעצן אים וועלן זיי.

אויפן עראָדראָם אין לאנד פארשרייבט מאירן א שרייבער פון דעם אמת. דערבײַ זיצט א צווייטער שרייבער, וואס טוט עפעס זיינס. הערט מאיר דייטלעך געזאגט פון יענעם צו דעם:

— ווער האט זיי געבעטן קומען אהער, די רוסישע? ווער האט זיי גערופן צו אונדז? אונדז ארויסשטופן פון אונדזערע פלעצער און אליין בלייבן זיצן אויף זיי? ביי סטאלינען איז זייער פלאץ, דארט ווו ער ליגט.

מאיר האט גוט פארגעדענקט דאסווארט פונעם שרייבער. עס איז אים נאכגעגאנגען פוסטריט און אפטמאל פארויסגעגאנגען ביי אלע זיינע ווייטערדיקע לעבנס־מיאונגען אין לאנד.

## 21

נאכן ארומגיין דעם טאג איבער די הייזער פון אמטן און צו די טישן פון אמטלייט קומט מאיר צו זיך אין זיין עלנטן צימער, א מידער, א צעבראכענער פון א געפאלן געמיט. זיין איינציקער באגער איז — צופאלן

צום געלעגער און ניט טראכטן פון גארנישט און רוען דעם אוונט און די נאכט און איינשלאפן, אויב דער שלאף וועט קומען צו אים. לאזן רוען דעם הארץ און דעם קאפ זיינעם, און שטילן זאל זיין צעקאכטער געמיט.

ער עפנט די טיר, מאיר, און דערזעט זיצן ביי זיך דעם יינגערן ברודער זיינעם, מיכלען.

מאיר איז שטיין געבליבן א קורצע ווײלע. אלץ אינאיינעם האט אים באהערשט מיטאמאל: פרייד און ליבשאפט צום יינגערן ברודער, וואס ער האט אים שוין א חודש צייט ניט געזעען, און פארדראס און פארוואורף, הלמאי דער ברודער זיינער ווייכט פון אים גראד איצט ביים גרונטעוועו זיך אין לאנד, ביי נשמה־שוועריקייטן און פארצווייפלטקייט, ביי ניט־פארענטפערטע "פארוואס און פארוועו".

— וואס איז די מעשה, ברודערל מיינער: מיטאמאל אריינגעפאלן צו מיר נאך א צייט ניט לאזן זיך הערן? עס האט דיך באהערשט, זעט אויס, די לאנד־מידה: אפפרעמדן זיך פון מענטשן, אפילו פון קרובים און פון א לייבלעכן ברודער?

מיכלס קאפ ליגט אים אויף די עלנבויגנס איבער דעם טיש, די אויגן אראפ.

— ניין, מאיר. — ענטפערט שטיל מיכל. — דיין געמיט רירט מיין הארץ, און איך האב ניט קיין טרייסט־ווארט פאר דיר. און פאר זיך אליין אויך ניט.

— מיכל, ברודערל מיינער! — זאגט מאיר גערירט.

— איך בין געקומען אהערצו נאך דיין אמאליקן רוף און נאך דעם טאטנס און אברהם דעם לערערס שיקונג. און ניט צוליב זיך, — צוליב די סלאבאדקער יידן, וואס מאטערן זיך דארטן און פרעגן א וועג און אן אויסוועג פון זייער מאטערניש, און דערזעען דאס, וווהין דו און דיינע חברים האבן גערופן דעם יידישן פאלק דעם הארעפאשנעם. עס האט מיך געצויגן אהערצו דיין טרוים, און געמאלט האב איך זיך, מיין ניט, קיין לאנד פון מילך און האניק, נאר א לאנד פון דעם הארעפאש־נעם יידישן פאלק, און גערעכט זיך האב איך, מען זאל פאר מיר ניט מאכן קיין ווארע, נאר אויפנעמען זאלן מיך און די אלע געקומענע אהערצו מיט יידישער הארציקער ברידערלעכקייט און באזארגן אלעמען מיט ארבעט און מיט א דאך איבערן קאפ.

מאיר בלייבט שווייגן א ווײלע צוליב צערודערט־קייט.

— שוין גלייך נאכן אנקומען אין לאנד ביים פאר־שרייבן אונדז האבן בייז־צערייצטע גיפטיקע שטימען די שרייבערס געשטאכן אונדז:

— ווער האט זיי געבעטן קומען צו אונדז? ווער האט זיי גערופן אהער? ווער דארף זיי דא, די פרעמ־דע? צו סטאליגען זאלן זיי גיין, ווו ער ליגט! און אט דער מענה־לשון באגלייט אונדז ביז היינטיקן טאג ביי יעדן קער און ווענד אונדזערן, ביי זוכן ארבעט, ביי

פרעגן א דאך איבערן קאפ, ביי אויסבעטן שטיצע צום לעבן. פרעמדע און פיינטלעכע און איבעריקע זיינען מיר דא אין לאנד, די נייגעקומענע. מען פרוווט ריידן צביעות צו אונדז, ווירקט עס פארקערט.

— איצט מאל זיך, מיכל, אונדזער נשמה־בראך: ארויסגעגאנגען פון רוסישער פיינטשאפט און מיטן הארצן צו קומען אין דעם יידישן לאנד און צו הארציקע ברידער, צו יידן, און הארעווען דא און אויסלעבן זיך אינאיינעם ווי יידן מיטן יידישן פאלק. און שטיין געבליבן זיינען מיר ביי יידישער פיינטשאפט און פרעמדשאפט. איז וואס מיינסטו, מיכל, אז יידישע פיינטשאפט איז געשמאקער פון רוסישער פיינטשאפט?

— א טרויס לעשט זיך אויס ביי די געקומענע דא און ביי די פארבליבענע דארטן, אין רוסלאנד. דאס איז דער גרויסער נשמה־בראך אונדזערער.

— און זאג מיר, מיכל: ווו איז דאס יידישע פאלק דא אין לאנד? דאס הארעפאשנע פראסטע גרונטאווגע יידישע פאלק? דאס הארציקע, דאס מיטליידנדיקע און מיטפילנדיקע, דאס מיטהעלפנדיקע, דאס טרייסטנדיקע, דאס ניטלאזנפאלנדיקע ביי א פלאג און א נויט, אט ווי דארטן אין סלאבאדקע, ווו איז עס? איך פרעג דיך? א הייפאלע הארעפאשניקעס ערד־ארבעטער אין די קיבוצים און מושבים, א צאל ארבעטער און באל־מעלאכעס. און שוין. און פארוואס איז אין אזא קליינעם

לאנד אזוי גרויס די צאל באנקירן־רויבער, סוחרים־הויט־באררייסער, אמטלייט־כאבארניקעס, דאקטוירים־אויספרעסערס? און פארוואס איז אלעמענס באגער אין לאנד בלויז איינער: באררייכערן זיך דורך שווינדל און בארייסן דעם הארעפאשנעם פאלק און דאס לאנד? צוליב אט א דעם רויבערישן פאלק האבן דורות באפליגלטע מוטיקע ציוניסטן זייערע לעבנס א קרבן געבראכט און ברענגען ביז צום היינטיקן טאג? בלוט פון די יונגע פאר דעם ווויל־טאג פון די רויבער?! דארף עס קומען אהערצו דאס הארעפאשנע יידישע פאלק פון רוסלאנד אויף בארויבט צו ווערן דורך אט די רויבער?

מיכל טרייסלט זיך אויף פון זיין שווייגן און צו־הערן מאירן.

— ליב האבן דארף מען אונדזער לאנד! — רופט ער אויס פון א צערודערטן דערווידער. — ליב האבן ווי אן אייגענע היים און ניט קומען פאר קעסטניקעס צו זיין דא! טאן דארף מען פאר דער אייגענער שטוב. איך האב דא מיין בלוט און מיין שווייס געלייגט פאר דעם לאנד, און דערייבער איז עס מיינס געווארן, און ליבער איז מיר מיין לאנד פון אלע שענסטע לענדער אין דער וועלט. און וועגן די אייגענע רויבער אונדזע־רע... קומען וועט די צייט אויף זיי. צוערשט באהערשן די פרעמדע רויבער.

— מיינסט, מיכל, רעוואלוציעס מאכן וועלן מיר דא ? און צוליב דעם זאלן מיר קומען אהער ? ניין און ניט ! אנגערעוואלוצעוועט זיך אין רוסלאנד ! איר האט דאס רויבער־פאלק אויסגעהאדעוועט, איז וועט ער אייך ארויסהעלפן ביים קאמף מיט די אויסערלעכע רויבער. און ליב האבן, זאגסטו, זאלן מיר דאס לאנד ? וועמען ליב האבן ? די, וואס האבן אונדז אויפגענומען מיט ברוטאלער פיינטשאפט און זיך אפגעפרעמדט פון אונדז און איזדעקעוועט זיך איבער אונדז ? די, וואס האבן צעטראטן אונדזערע בעסטע באגערן און בארופן און טרוימען — קומען אין דעם יידישן לאנד צו הארציקע יידישע ברידער און דארטן אינאיינעם שאפן און בויען ? ליב האבן זאלן מיר רויבער, כאבארניקעס, באריססערס, שווינדלערס, אויספרעסערס ? ליב האבן מיליאנערן און שווינדלער און רבנים און בלוט־ארעמקייט ? ליב האבן אומפאראנטווארטלעכקייט ?

און נאך א צעקאכטן שווייגן רופט מאיר :

— איז אט : וואס זאל איך אפשרייבן דעם טאטן אהרן און דעם לערער אברהם און אונדזער סלאבאדקע ? זיי ווארטן אלע אויף מיין בריוו. זאל איך זיי רופן אלעמען קומען אהער אין לאנד צו פיינטשאפט און פרעמדשאפט און רויבעריי ?

— ווייסטו וואס, מיכל ? זיי דו דער ערלעכער זון און דער אויפריכטיקער פאלקס־מענטש. אט האסטו

פאפיר און א הענטלפען. נעם און שרייב צו זיי דו:
עס הערשט דא אין לאנד ברודערשאפט און ליבשאפט
צו די געקומענע, און מען ארדנט זיי איין פאר ליב־
שאפט, און ארבעט וועט זיי קלעקן אריבער און אריי־
בער, און א דאך איבערן קאפ איז ניט שייך. און קומט
אלע יידן כאטש פון גאנץ רוסלאנד אלע דריי מיליאן
יידן. און גלייך טאקע: נעמט און קומט.

— איז פארוואס שרייבסטו ניט, מיכל? וואס
שווייגסטו? ווילסט, איך זאל דאס זעלביקע שרייבן
פאר דיר? דו שווייגסט, מיכל?

— היינט איז שלעכט, וועט מארגן זיין בעסער. דער
עיקר: אונדזערלאנד!

— טא שרייב אזוי, מיכל. פארוואס שרייבסטו ניט?

## 22

ציטערן אהרנס פינגער ביים צעעפענען דעם בריוול.
די ברילן זיינען אים אין ערגעץ פארשטעקט. זוכט ער
די ברילן, און דאס בריוול ציטערט נאך אלץ אין זיין
דלאניע געקעמט.

— נא לייען, אברהם, איך בעט דיך. — רופט
אהרן. — פון ווענען א בריוול, ווען ניט פון מאירן.
וואס שטייט דארט געשריבן?

די מאמע ירוחמה לייגט די הענט אויפן ברוסט. אירע

דערוואַרטנדיקע אויגן פאַלן צום בריוול און דערנאָך צו אַבֿרהמס מויל. דער טאַטע אהרן כמאַרעט די געדיכטע ברעמען: צי איז אַלץ גלאַטיק מיט אים? לייענט אַבֿרהם:

— צו מיינע געטרייע עלטערן אהרן און ירוחמה, זאָלן לאַנג לעבן און געזונט זיין, און צו מיין ליבן לערער אַבֿרהם זאָל געזונט זיין! איך בין געזונט און שטאַרק. דאָס נעמלעכע פון אייך צו הערן.

איך שרייב צו אייך איינקורצן, און זאָל דאָס זיין מיין גאַנצער געגנוי פון א יאָר לעבן אין לאַנד. און איך זאָג צו אייך: מיין האַרץ און נשמה זיינען געבליבן באַהעפט מיט אונדזער האַרעפּאַשנעם יידישן פאָלק, וואָס איר, מיינע טייערע טאַטע און מאַמע און לערער אַבֿרהם, בלייבט זיצן אינאיינעם מיט אים. זיין גרוילי־קער גורל אַרט מיך איצט ביז אין מיין לעבן אַריין.

פון אייער זון מאיר

— געטריי איז געבליבן אונדזער מאירל מיט זיין ערלעכקייט צום פאָלק. — זאָגט אַבֿרהם. — שווייגן איז געזאָגט, ווען רייד זיינען ניט געזאָגטע.